# דער אָנהייב

## זאַמלבוך
## פאַר ליטעראַטור און וויסנשאַפט

רעדאַקטירט פון

ד. איינהאָרן
ש. גאָרעליק
מ. ווײַנרײַך




פאַרלאַג «וואָסטאָק», בערלין
1922

# אינהאַלט





# משה קולבאַק

## לידער

### א

### די הייל

ס׳איז ערגעץ וואו פאַראַן א בידנער׳ ווילדער ווינקל·
דאָרט קלאָגן פויגלען· ס׳פלייצן קוועלכלעך קאַלטע אויפן ליים;
זיי ריזלען שטיל אַרויס — א זופ׳ א ריר זיך און א פינקל···
דאָרט רוישט דער הימל און א וואַלד אַן אַלטער בושעוועט געהיים·
איך האָב געזוכט א היים׳
און כ׳האָב געפונען דאָרט מײַן היים·

און כ׳האָב פאַרנומען דאָרט דעם וויסטן עלנט פונם געגנט —
ס׳פאַרוואַקסט אַ רויטליך מאָך די שווער־צעלייגטע היגלען׳
עס קרעכצן יאָדלעס אָנגעפּעלצט מיט האָריג־האַרטע צווײַגן׳
ווי גרויסע פויגלען׳ גרויע׳ מיט פאַרדאַרטע פליגלען:
«מיר האָבן זיך מיט אַלץ שוין אָפּגעזעגנט׳ אָפּגעזעגנט»···
איך האָב געשוויגן דאַן׳ ווי א פאַרשטויסענער קאָן שווײַגן·

אַראָפּהאַנגען פון בערג און גרינליך־פײַכטע שטיינער
אין נאַסקייט ליגן אויפן גאַנצן גוף פאַרמאַטערטע און טראַכטן:
אַז ס׳איז דער הימל שיין און ווײַטער קיינער׳ קיינער···
אַז ס׳קריכן אום אויף זייער קאַרק נאָר טרוקענע לישײַעס׳
אַז הינטן דאָרט אין מעריב שטאַרבן די פאַרנאַכטן׳
ווי ס׳שטאַרבן טיף אין אַלטן וואַלד די חיות·

איך בין געקראָכן אויף די בערג און כ׳האָב מיט קרומע פינגער
צעמורשטשעט האַרטע דערנער׳ שטיינדלעך שוואַכינקע ווי קויל׳
דער נעפּל האָט געפּאַריעט זיך פון יעדער הייל און גראָבן׳

כ׳האָב אויסגעשריען: «הערט, כ׳בין אײַער ווײַסטער זינגער!»
עס האָבן זיך צעקלאָגט אין אַלטן וואַלד די ראָבן,
«הו — הו, דו נאַריש׳ טראָפּ!» האָט אויסגעברומט אַ הײַל.

א הייל האָט דאָרטן צווישן בערג פון דורות־לאַנג געשלאָפן,
עס האָט פון איר פאַרשטיקט אַרויסגעוויינט דער ווינט,
איר פײַכטע פוסטקייט ווי א וואונד איז טויב געלעגן אָפן,
בײַנאַכט האָט אַלץ זיך צוגעהערט צום פייף פון אירע שלאַנגען — — —
עס שווימען אום, ווי נאָדלען גרינע, גליענדע געזאַנגען,
עס שטעכן דורך די לופט די זיפצן פון א קינד.

בײַנאַכט, די הייסע כמאַרעס קריצן, ווי מיט טויטע ציינער,
איך בין אַראָפּגעקראָכן שטילערהייט אין גראָבן,
זיך צוגעזעצט בײַם הייל. עס פינקלען אינדערנאַכט די שטיינער...
איך האָב דעם קאָפּ אַריינגעשטעקט אין הייל: געזעהן, דערזעהן — — —
ס׳האָט פלוצלונג מיר א קער געטאָן דאָס האַרץ א טעמפּער ברען:
«פאַרשאָלטענער! עס דאַרף די הייל דיך האָבן!»

די בליצן האָבן דעמבעס טיף אין וואַלד געשפּאָלטן,
ס׳האָט ווילד געקלונגען יעדער אומגעריכטער שפּרונג
פון בליץ צו בליץ. כ׳האָב צוגעמאַכט די אויגן — — —
כ׳האָב בלינד געגלעט די הייל, געגלעט איר און געשאָלטן,
זי האָט געטעמט הייס און מיך פאַרקרעמפּט געצויגן
אין איר שלונג.

---

און צווישן מענטשן, אַז א מענטש א שטילער קומט פאַרברענגען,
וואָס איז אין דעם פאַראַן?
דער מענטש ווייס סײַ ווי סײַ זיך איינמאָל נאָר אויפהענגען,
דערווייל איז אײַער שניפּס, מײַן פרײַנד, ניט צערטליך אויסגעבונדן...
בלײַבט רואיג... ווערעמנס מאַרך ווערט איצטער אָנגעצונדן?!..
שרררײַט ניט, יונגערמאַן! — —

ב

א בן־מלך האָט זיך פאַרשטעלט אין אונזער געגנט פאַר א פאַסטעך,
האָט ער געפיטערט אויף דעם טאַטנס לאָנקעס זײַנע שאָף.

עס האָט געשמעקט זײַן פעלצל און זײַן לײַוונטענע טאָרבע
מיט שטאַרקע קרייטעכצער פון וואַלד און פליין,
ער האָט גענעכטיגט אויף די פעטע נעפל־פעלדער,
דאָס פרישע פאַסטעכל, דער בן־מלך אליין!

ער פלעגט אין ווײַטן טאָל באַגלייטן די לבנה
און אויף א הויכן בוים באַגעגענען דעם מאָרגן־רויט,
ער האָט זײַן דאָרשט געשטילט ביי קלאָרע וואַסערן
און פלעגט מיט פויגלען טיילן זיך זײַן ברויט.

איינמאָל איז צו אים זײַן בת־מלכּה געקומען,
און א פאַרבלוטיגט שעפעלע געטראָגן,
און געדאַרפט א זיסע בשורה אים אָנזאָגן,
האָט דער בן־מלך, דאָס פרישע פאַסטעכל, געשוויגן
און נאָר דאָס שוואַכע לעמעלע אַרומגעבונדן.
ער האָט זײַן שטילע טשערעדע אין וואַלד פאַרטריבן
און ס'איז דער בן־מלך, דאָס פאַסטעכל פאַרשוואונדן — — —

ג

## ש ט ו מ ק ײַ ט

שטיל, וואָס וועט ריידן מײַן שטומקײַט, ווען כ'בלײַב מיט
איר איינער אַליין — — —
איך שטרענג אָן די ציטריגסטע חושים און כ'וויל כאָטש איר
דופק דערשפירן,
זי עטעמט פאַרטײַעטערהייט פון דער טיפקייט אַזוי, ווי א
מאָכיגער שטיין;
אזוי, ווי א טונקעלער חלל, וואָס גליווערט אַהינטער באַ־
שלאָגענע טירן,

און לויערט — א דריקנדע לאַסט פון דער ברוסט ניט געלעבט
און ניט טויט,
אזוי, ווי א נאַכט, וואָס וואַרט אָפּ'עט דעם שיַין פון פאַר־
נאַכטיגן רויט.

שטומקיַיט, כ'זיץ פינסטער־אַליין אין מיַין צימער געליימט פון
דיַין יאָך,
עס דרעמלט אין ווינקל אַן אַלטער ראָיאַל מיט א פוסטקייט
אַ קילער אין גוף,
די שיַינענדע קלאַווישן פאָרן זיך קאַלט, ווי די טעג און די
נעכט אין דער וואָך,
נגונים געחלומטע־קוים און נאָך ניט קיין געבאָרענע היטן
זיי אויף.
א רואיגע בלאַסקיַיט שיַינט אָפּ פון די שווערע און טונקעלע
שטאָרן,
כ'זיץ פינסטער־אַליין, מיַין אָנהייב איז לאַנג מיטן חושך צו־
זאַמענגעגאָסן,
מיַין סוף האָט ביַי מיר זיך אין ברוסט, ווי א ליכטיגער טאָג
אויסגעלאָשן,
און איך בין פון עפּעס א שטומקייט א גרויסער געבאָרן
געוואָרן.

איך וואָלט אויסהאַקן כאָטש פון דער שטומקייט אַן איינציגן
פונק,
אַז אין האַרץ זאָל א גלי טאָן דער ניגון פון פאַרן געבאָרן,
עס זאָל פלוצלונג א ליַיכט טאָן פון טיפקיַיט א הייליגער וואונק
פון דעם אור־גאָט, וואָס איז אין נשמה ביַי מיר אויסגעלאָשן
געוואָרן;
איך זאָל זיַין אויף א רגע אַזוי, ווי דער קנאָספּיגער בוים
אין דער פרי,
וועלכער טרייסלט אַראָפּ מיט א פרייד זיַינע נעכט פון די
צווייַגן,

אַזוי, ווי די הונגעריגע חיה אין וואַלד מיט א מויל א פאַר־
בלוטיגטן שווייגן,
און קלאָגן ווי זי, און שטומען ווי זי — — — —

ד

עס טרעפט, אַז די וועלט זינגט אַרויס א פאַרבאָרגענעם ניגון,
דאַן ווערט אויף א ווײַלע געהייליגט דאָס לעבן,
עס שווימען אַרויס יענע תפילות, וואָס ווערן פאַרשוויגן — — —
אַזוי נאָנט, אַזוי איבערגעגעבן . . .

דאַן פילט מען, אַז יעדערנס עלנט איז שווער, איז ניט איבערצוטראָגן,
ס'איז יעדערנס בראָך
אַזוי אוממענטשליך־טיף, אַז מען קאָן ניט — ניט ריידן, ניט קלאָגן,
און דאָך — — —

ה

## אַ לבנה־נאַכט

אין ווײַטער שטילקײַט שווימט די מלכת־שבא,
עס פינקלען אין דער נאַכט דער קילער אירע שלייערן —
חלומות פון דעם הימל־בלאָ.

און אָפּגעלאָשענע לבנה־ליכט
טריפט זאַפטיג־קיל
אויף יעדן דערפעלע, וואָס דרעמלט אין דער שטיל.

און ס'גליטשט זיך אום א ווייכער שטראַל,
וואָס בינדט צונויף:
דאָס הינדעלע אין הויף,
דאָס פישעלע אין איר געוועסער
און ס'ווײַסע לעמעלע אין שטאַל.

אין ווײַטער שטילקײַט שווימט די מלכת־שבא
פון אירע ציטערדיגע מירמל־שלעסער.

ו

## עשׂרה דִבּרַיא

געהאַט האָט דער זיידע אַ קרוב א טרייַבער פון בערן;
אַ ייד׳ וואָס פלעגט מאַכן קאָנצערט אויף די גרויסע ירידן׳
דעם בער פלעגט דער קרוב ביי־טאָג אויף די קייטן פאַרשמידן׳
ביי־נאַכט פלעגט ער טאַנצן מיט אים ביי דעם שייַן פון די שטערן·

מען האָט אים געגעבן דעם נאָמען עשרה דבריא:
די קנאָכיגע הענט ביז די קני׳ מיט א שאַרבן אַ גלאַטן׳
אַן אַלטע׳ פאַרשלומפּערטע קאָפּ אויף א גוף א האָרבאַטן׳
און דאָס האָט געטראָגן מיט פעל און מיט שווייס׳ ווי א חיה·

איז ער געגאַנגען ביי־נאַכט מיט דעם בער אויף די וועגן;
עשרה פאָראויס און דער בער פלעגט אים הינטן באַגלייטן׳
און טאָמער א באָרוועסער פויערל קומט זיי אַנטקעגן —
א בורטש האָט געגעבן דער בער און א קלונג מיט די קייטן·

עס זייַנען געשטאָרבן פון פּייַן ביי עשרה׳ן די ווייַבער;
ביי־נאַכט פלעגט ער אויסטאָן זיי נאַקעט און אָנהייבן שלאָגן׳
דאַן האָט זיך געהערט אויפן דאָרף אַ פאַרטייַעטער קלאָגן
און חברה קדישא פלעגט וואַשן די בלוט פון די לייַבער···

די דרייַצנטע ווייַב האָט גע׳שמ׳ט פאר א וועדמע אין ליטע׳
זי האָט אים אַ טאָכטער א יאָר נאָך דער חופה געבאָרן׳
עשרה דבריא האָט אויסגעצאַפּט שטיל אירע יאָרן׳
מען האָט פון דער וועדמע די ביינער געלייגט אויף דער מיטָה·

געוועזן איז עשרה דבריא אַ טרייַבער פון בערן
א ייד׳ וואָס פלעגט מאַכן קאָנצערט אויף די גרויסע ירידן׳
דעם בער פלעגט עשרה ביי־טאָג אויף די קייטן פאַרשמידן׳
ביי־נאַכט פלעגט ער טאַנצן מיט אים ביי דעם שייַן פון די שטערן·

# דוד אײנהאָרן

## פון תהילים

### קאַפּיטל ה

1. דעם קאַפּעלמײַסטער אויף נחילות אַ מזמור צו דוד.
2. הער גאָט מײַנע רייד, פאַרשטיי מײַן פּליסטערן,
3. האָרך צו צום קול פון מײַן געשריי,
מײַן קיניג און מײַן גאָט,
ווײַל צו דיר בין איך מתפּלל.
4. באַגינען הערסטו, גאָט, מײַן שטים,
באַגינען מאַך איך מיך פאַר דיר באַרייט
און קוק אויס.
5. ווײַל דו פאַרלאַנגסט ניט, גאָט, דאָס בייזע,
עס וואוינט מיט דיר דאָס שלעכטע ניט,
6. באַרימער שטייען ניט פאַר דײַנע אויגן,
דו האַסט די אַלע, וועלכע טוען זינד,
7. פאַרטיליגסט די, וואָס זאָגן ליגן,
גאָט פאַר׳מיאוס׳ט דעם מאַן פון פאַלשקײַטן און בלוט.
8. איך אָבער מיט דײַן גרויס גענאָד,
וועל קומען אין דײַן הויז
און בוקן זיך צום היכל פון דײַן הייליקײַט
אין דײַן ערע־פאָרכט.
9. פיר מיך, גאָט, מיט דײַן גערעכטיקײַט,
צוליב מײַנע לויערער מאַך גלײַך דײַן וועג פאַר מיר,
10. ווײַל ס׳איז ניטאָ בײַ זיי אין מויל קיין אמת,
פאַרדאָרבנקײַט איז אינעווייניג בײַ זיי,
זייער האַלדז איז ווי אַן אָפן קבר,
זיי חנפ׳ענען מיט זייער צונג.

11. מאַך זיי שולדיג, גאָט!
אומפאַלן זאָלן זיי פון זייערע פאַלשע עצות.
פאַרשטויס זיי צוליב זייערע פיל זינד.
ווײַל ווידערשפּעניגט האָבן זיי אין דיר.
12. דאַן וועלן פרייען זיך, וואָס האָבן שוץ בײַ דיר
אייביג זינגען וועלן זיי,
און דו וועסט באַשירמען זיי,
פרייען וועלן זיך מיט דיר
די וואָס דײַן נאָמען האָבן ליב.
13. ווײַל דו בענטשסט דעם צדיק, גאָט
רינגלסט אים מיט רָצון אום,
גלײַך ווי מיט אַ פּאַנצער.

## קאַפּיטל ז

1. אַ לויב־ליד דוד׳ס וואָס ער האָט צו גאָט געזונגען אויף די רייד פון כוש ימיני׳ס זון.
2. גאָט, מײַן גאָט, אין דיר באַשיץ איך מיך.
העלף מיר פון מײַנע נאָכיאָגער
און זײַ מיך מציל.
3. בכדי ער זאָל ניט, ווי א לייב פארצוקן,
אוועקרויבן — און ס׳זאָל קיין רעטער זיין.
4. גאָט, מײַן גאָט, אויב איך האָב דאָס געטאָן,
אויב אומרעכט איז פאראן אין מײַנע הענט,
5. אויב איך באַצאָל מײַן פרידן־פריינט מיט שלעכטס,
איך ראַטעווע נאך מער דעם וואָס אומזיסט מיך דריקט —
6. דאַן זאָל דער פיינד מיך יאָגן און דערגרייכן,
צעטרעטן צו דער ערד מײַן לעבן,
און אינם שטויב מײַן כבוד לאָזן רוען. סלה.
7. שטיי אויף, גאָט, אין דײַן צאָרן!
דערהייב זיך אויפן גרים פון מײַנע דריקער,
דערוועק אויף מיר דעם משפּט, וואָס דו האָסט באַפוילן.

8. אַן עדה פעלקער מעגן דיך אומרינגלען —
דו אָבער נעם אין הימל איבער זיי דײַן טראָן.

9. די פעלקער משפּט, גאָט!
גאָט, משפּט מיך לויט מײַן גערעכטיקײַט
און לויט דער תמימות׳קײַט וואָס איך פֿאַרמאָג.

10. אַן ענדע מאַך פון די רשעים׳ס שלעכטס
און ריכט דעם צדיק אויף,
דו פּרובער פון הערצער און נירן,
גערעכטער גאָט.

11. בײַ גאָט איז מײַן שילד,
דער העלפער פון ערליכע הערצער.

12. גאָט איז א גערעכטער שופט,
אַ גאָט, וואָס צערנט יעדן טאָג.

13. ווען מען טוט קיין תשובה ניט
שאַרפט ער זײַן שווערד,
ער האָט זײַן בויגן שוין געטראָטן און באַרייט.

14. ער צילט אויף אים די טויט-געווער,
צו ברענענד מאַכט ער זײַנע פיילן.

15. אָט גייט [דער רשע] מיט דער זינד אין ווייען,
ער טראגט מיט אומרעכט
און האָט דעם שקר.

16. ער גראבט א גרוב און שאַרט איר אויס,
ער פאלט אָבער אַליין אין ד׳טיפענישן,
וואָס ער האָט געמאַכט.

17. זײַן אומרעכט קערט זיך צו זײַן קאָפּ,
און אויף זײַן שיידל נידערט זײַן פֿאַרברעכן.

18. כ׳וועל דאַנקען גאָט פאר זײַן גערעכטיגקײַט,
באַזינגען וועל איך גאָט דעם העכסטנס נאמען.

## קאַפּיטל ט

1· דעם קאַפּעלמײַסטער אויפֿן טויט פֿון זון אַ מזמור צו דודי·

2· גאָט דאַנקען וועל איך מיט מײַן גאַנצן הארצן,
דערציילן וועל איך אַלע דײַנע וואונדער,

3· איך וועל זיך פֿרייען, פֿרייליך זײַן מיט דיר,
דײַן נאָמען זינגען וועל איך, אַלערהעכסטער·

4· ווייל ס׳ווײַכן מײַנע פֿיינד פֿון מיר צוריק,
זיי שטרויכלען זיך און גייען פֿאַר דיר אונטער·

5· ווייל דו האָסט געטאָן מײַן משפּט און מײַן דין,
האָסט זיך געזעצט צום טראָן אַלס שופט־צדק,

6· האָסט אָנגעבייזערט זיך אויף די פֿעלקער,
פֿאַרטיליגט דעם רשע,
זייער נאָמען אָפּגעמעקט אויף אימער און אויף אייביג·

7· אַן ענדע מיט די פֿיינד!
אייביגע חורבות!
און די שטעט, וואָס דו האָסט וויסט געמאַכט,
פֿאַרגאַנגען איז דער זכר זייערס·

8· גאָט אָבער טראָגט אויף אייביג·
זיין שטול האָט ער צום משפּט אויפֿגעשטעלט·

9· און ער וועט משפּט׳ן די וועלט מיט צדק,
מיט יושר איז ער די נאַציאָנען דן·

10· און גאָט, ער איז אַ בורג פֿאַר דעם געמיינעם,
א פֿעסטער שלאָס אין צײַטן פֿון אַ נויט·

11· אין דיר פֿאַרטרויען זיך די וואָס דײַן נאָמען קענען,
ווײַל דו האָסט ניט פֿאַרלאָזט די זוכער דײַנע, גאָט·

12· זינגט צו גאָט, דער וואָס אין ציון וואוינט·
זאָגט אָן די מעשים זיינע אין די פֿעלקער·

13· ווײַל דער וואָס פֿאָרשט אומשולדיג בלוט
האָט זיי געדענקט,

פאַרגעסן האָט ער ניט
ס׳געשריי פון די געדריקטע.
14. גאָט דערבאַרם זיך אויף מיר,
דערזעה דעם פּיין, וואָס כ׳האב פון מיינע שונאים,
דערהייב מיך אויס די טויערן פון טויט.
15. בכדי איך זאָל דערציילן גאָר דיין לויב,
אין די טויערן פון טאָכטער ציון —
יובלען מיט דיין הילף.
16. די פעלקער זיינען אינם גרוב פאַרזונקען,
וואָס זיי האָבן זעלבסט געמאַכט.
אין דעם נעץ, וואָס זיי האָבן באַהאַלטן
געשטרויכלט איז געוואָרן זייער פוס.
17. באַקאַנט איז גאָט! ער האָט געזעץ געמאַכט!
דורך די ווערק פון זיינע הענט
געשטרויכלט ווערט דער רשע.
הגָיון סֶלה.
18. צוריק אינם שאול זאָלן גיין די רשעים,
די פעלקער אַל׳, וועלכע פאַרגעסן אָן גאָט.
19. ווייל ס׳ווערט ניט אויף אייביג דער אביון פאַרגעסן,
און ס׳האָפענונג פון די אָרימע פאַרגייט נישט אויף אייביג.
20. דערהייב זיך, גאָט!
נישט וואַגן זאָל דער מענטש!
געמשפּט זאָלן זיין פאַר דיר די פעלקער.
21. טו גאָט אויף זיי א מורא אָן,
וויסן זאָלן די נאַציאָנען,
אַז זיי זיינען מענטשן נאָר — סֶלה.

## קאַפּיטל יט

1. דעם קאַפּעלמייסטער אַ מזמור פאַר דוד.
2. די הימלען דערציילן דעם כבוד פון גאָט,
און די ווערק פון די הענט זיינע זאָגט די פאַרשפּרייטונג.

3· איין טאָג דעם צווייטן מאַכט שפּרודלען א וואָרט,
און איין נאַכט דער צווייטער זאָגט אָנעט א בשורה·

4· נישט קיין וואָרט, נישט קיין רייד,
נישט ס׳דערקלינגט זייער שטים,
דורך דער גאַנצענער ערד

5· גייט אַדורך זייער שטראַל,
און ביזן עק פון דער וועלט
זייערע ווערטער·
פאַר דער זון אַ געצעלט ט׳ער געגעבן אין זיי,

6· ווי אַ חתן גייט ער פון זײַן חופּה אַרויס·
ער פרייט זיך צו לויפן אין וועג, ווי אַ העלד·

7· פון איין הימל־ברעג גייט ער אַרויס,
זיין תקופה דערגרייכט ביזן צווייטן זײַט ברעג,
און נישטאָ פאַר זײַן גלוט קיין פאַרבאָרגן·

8· גאָטס תורה איז גאַנץ,
אַ דערקוויקונג פון זעל·
גאָטס געזעץ איז באַגלויבט,
מאַכט קליגער דעם נאַר·

9· גאָטס באַפעלן זיינען גערעכט,
דערפרייען דאָס האַרץ·
גאָטס פאַרזאָג איז דאָך קלאָר,
מאַכט ליכטיג די אויג·

10· גאָטס פורכט, זי איז ריין,
בלײַבט אייביג באַשטיין,
גאָטס משפּט איז וואָר,
צוזאַמען גערעכט,

11· גלוסטיגער פון גאָלד
און גינגאָלד א סך,
און זיסער פון האָניג
און פאַטיקע־זאַפט·

12. אויך דײַן קנעכט איז געוואָרנט דורך זיי,
אַז מען היט זיי, באַקומט מען פיל שׂכר,
13. די פעלערן ווער קאָן פאַרשטיין,
פון פאַרבאָרגענע מאַך דו מיך ריין.
14. פון בייזע מײַד אויסעט דײַן קנעכט,
אָ, לאָז זיי נישט הערשן אויף מיר.
דאַן בין איך גאַנץ און ריין פון זינד א סך.
15. באַווויליגט זאָלן זײַן די ווערטער פון מײַן מויל
און ס׳טראַכטן פון מײַן האַרץ
פאַר דיר מײַן גאָט, מײַן פעלז, מײַן גואל.

## קאַפּיטל כג

1. א מזמור צו דוד.
גאָט איז מײַן פאַסטעך,
עס טוט מיר ניט פעלן.
2. אויף גראָזיגע לאָנקעס
פיטערט ער מיך,
אויף וואַסערן רואיגע
מאַכט ער מיר ליגן,
3. ער קוויקט מײַן נשמה
און פירט מיך באַרואיגט
אויף וועגן גערעכטע
זײַן נאָמען צוליב.
4. און גיי איך אין טאָל
פון די טויטליכע שאָטנס,
שרעקט מיך קיין בייז ניט,
ווײַל דו ביזט מיט מיר;
דײַן רוט און דײַן שטעקן
זיי טוען מיך טרייסטן.
5. דו גרייטסט מיר א טיש
קעגן מײַנע באַדריקער;

סט׳געזאַלבט מיר מיט בוימאייל מײַן קאָפּ׳
מײַן בעכער׳ ער איז איבערפול·
6· נאָר גוטס און גענאָד
זיי וועלן באַגלייטן
די טעג פון מײַן לעבן׳
און זיצן וועל איך
אין גאָטס הויז לאַנגע יאָר·

## קאַפּיטל מ״ה

1· דעם קאַפּעלמײַסטער אויף דעם ליליען־ניגון· פון קרח׳ס זין א מַשכּיל ליבעס־ליד·
2· עס רירט מײַן האַרץ א גוטער וואָרט·
מײַן שאַפן זאָג איך פאַר דעם קיניג·
מײַן צונג איז׳ ווי א פלינקע שרײַבערס־פען·
3· פון אַלע מענטשן־זין ביסטו דער שענסטער!
צעגאָסן איז א חן אויף דײַנע ליפּן׳
דרום האָט גאָט אויף אייביג דיך געבענטשט·
4· אויפן היפט גורט אָן דײַן שווערד׳ אָ העלד!
דײַן פּראַכט און הערליכקײַט·
5· אָ מאַיעסטעט! באַגליק און רײַט
פאַר דער גערעכטער זאַך —
עניות און גערעכטיגקײַט·
דאַן וועט דײַן רעכטע האנט דיך פורכטבאַרקײַטן לערנען׳
6· געשאַרפטע זיינען דײַנע פײַלן
פעלקער פאַלן אונטער דיר׳
[זיי טרעפן] אינם האַרץ פון קיניגס פײַנד·
7· דײַן טראָן איז גאָטס טראָן׳
אויף אייביג און אויף אימער·
די רוט פון רעכט איז דײַן מַלכות־רוט·
8· האָסט האָלט גערעכטיגקײַט און האַסט דאָס בייזע׳
דרום האָט גאָט דײַן גאָט פון אַלע דײַנע פרײַנד
געזאַלבט דיך מיטן אייל פון פרייד·

9· מיט מור׳ אהָלות און קציעות
שמעקן אַלע דײַנע קליידער·
פון העלפאַנט־ביייניגע פּאַלאַצן
דערפרייט מען דיך מיט פידל־שפּיל·
10· בת־מלכות זיינען צווישן דײַנע ליבלינגס־פרויען·
דײַן ווײַב שטייט דיר צו רעכטער זײַט אין אופיר־גאָלד·
11· אָ טאָכטער׳ הער און זעה און נייג דײַן אויער צו׳
פאַרגעס דײַן פאָלק און פאָטערס הויז
12· און גלוסט דײַן שיינקײַט ווען דער מלך —
ווײַל ער דײַן האַר איז
בוק זיך טיף פאַר אים·
13· און די טאָכטער צור וועט ברענגען דיר מתנות׳
דיך וועלן פאַרבעטן די רײַכסטע פון פאָלק·
14· דרינען איז די גאַנצע פּראַכט פון קיניגס טאָכטער:
פון גאָלד־געוועב איז איר געוואַנט׳
15· אין שטיקערײַען ווערט זי געפירט צום מלך׳
יונגפרויען גייען הינטער איר·
דיר ווערן אירע פרײַנדינען געבראַכט·
16· מיט פרייד און יובל פירט מען זיי אַרײַן׳
זיי קומען אינם קיניגס פּאַלאַץ·
17· אויפן אָרט פון דײַנע עלטערן זיין וועלן דײַנע זין׳
און מאַכן וועסטו זיי אין גאַנצער וועלט פאַר שרים·
18· דערמאָנען וועל איך דורות־לאַנג דײַן נאָמען׳
דרום וועלן פעלקער לויבן דיך
אין אַלע אייביגקײַטן·

## מאַקס בראָד

# אָהן א לעבעדיגן נֶפֶש

### די געשיכטע פון א קליין מענטשעלע

«טס, הער קאָלעגע ... הער קאָלעגע, איר וועט אפשר אראָפּגיין אויף א מינוט?»

לויך האָט דאָס ניט מער ווי געשעפּטשעט, שטייענדיג אויף דער גאַס, הגם דער גאָרטן פון דער רעסטאָראַציע, וואָס איז געלעגן העכער, מיט זײַן טומל, מיט אַל די געסט בײַ די בלוי־געדעקטע טישלעך, מיט זײַן זונטאָגדיגן הו־האַ אונטער די קעשטן־ביימער, האָט גיכער געמעגט רייצן צו געבן א הילכיגן געשריי.

פעכגאָלד איז אָקאָרשט געקומען צו גיין מיט א קאָמפּאַניע שפּאַצירער, וואָס האָט זיך גענומען באַזעצן בײַ א טישל. ער האָט אָפּגעענטפערט: «אַ, הער לויך, אײַך זעהט מען אויך אַמאָל? קומט נאָר אַרויף צו אונז, אָט איז נאָך פאַראַן א פרײַער אָרט.»

לויך איז פאַרציטערט געוואָרן, דערנאָך איז ער אַוועק ווײַטער צום וואַלד צו, ניט אַרויסרעדנדיג מער קיין וואָרט ...

פאַרנאַכט האָט פעכגאָלד נאָך א מאָל באַגעגנט אים אין גאַס. «איר האָט טאַקע ווי ס׳געהער צו זײַן מורא פאַר מענטשן, ניט קיין קאַטאָוועס. וואו זײַט איר דאָס מיט א מאָל פאַרפאַלן געוואָרן הײַנט נאָכמיטאָג?»

«איך בין געוועזן אין וואַלד.»

«איינער אַליין?»

«געוויינטליך, איך דאַרף ניט קיין קאָמפּאַניע.»

דער רואיגער שליאַך פון קוכעלבאַד[1]), וואוהין ביידע האָבן זיך איצט פאַרקערעוועט, איז געלעגן אויסגעשפּרייט אין דעם קלאָרן האַרבסטיגן אָוונט. א מילדע לופט, ווי שטענדיג נאָך א רעגן; און זי האָט זיך אויס־

[1]) א זומער־פּלאַץ לעבן פּראָג.

געמישט מיט די אויסדאַמפּונגען פוןביימער און גראָזן, מיט א קילן ווינטעלע, וואָס האָט געבלאָזן פון דער מאָלדאַווע דאָ א ביסעלע שטאַרקער, דאָ א ביסעלע שוואַכער, מיטן דופט פון זשאַסמין, וואָס אין די סעדער פון די ווילעס, און מיטן שטאַרקן ריח פון די קיאישע מיסט, וואָס איז געווען צעריבן אויפן שאָסיי. אין דער רעסטאָראַציע «די ביימישע קרוין» האָט געשפּילט מוזיק. די פאַרהאַקטע לאָדנס פון די קראָמען, די דאָרפישע מיידלעך אין גרופּעס, קינדער פאַר אַלע טירן, אַן ענטל, וואָס האָט כסדר פאַרגראָבן איר פלאַטשיגן העל־געלן שנעבעלע אין די ברוסט־פעדערן: דאָס אַלצדינג האָט באַשאַפן א געפיל פון א ליבן יום־טוב, און דער צו הויכער, טיילמאָל אַפילו גרילצנדיגער געזאַנג פון די פייגל האָט ניט פאַר־שטערט די שטילקייט. זעלטן ווען איז פאַרביי־געפאָרן א וואָגן, און זיינע שינעס האָבן זיך דיי־טליך, העל־גרוי אָפּגעצייכנט אויפן שטויב פון דער גאַס, וואָס איז דורכן קורצן רעגן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א צאַרטן ברוין־און־גרויען פלושענעם טעפּיך. ס׳איז זיך געגאַנגען איבער דעם טעפּיך אַזוי ווייך, אַזוי זיסליך־קריצנדיג, צווישן די אָפּגעווייקטע שטיינער און די פאַרלוירענע שטרויעלעך.

«אָט דאָ וואוין איך», לויך האָט אָנגעוויזן אויף איינעם פון די הייזלעך, אויסשטרעקנדיג פאָראויס דעם קאָפּ און געבנדיג א צי אַרויף די ברעמען. די הענט זיינע האָבן זיך ניט באַוועגט; די רעכטע האַנט האָט זיך, ווי שטענדיג, געהאַלטן פאַרן ברעלאָק פון זייגער, און די לינקע איז געווען צוגעפּרעסט צום רוקן, מיט דער אינעווייניגסטער זייט אויף דרויסן.

«איר ווילט אַריינגיין?»

«אויף איין מינוט.»

ס׳איז געווען א פויערש הייזל, מיט ווייס־געפאַרבענע ווענט און מיט א סך הייליגע בילדער אויף די ווענט, באַלד אויפן ערשטן גאָרן. אינם גלאָז פונם אָפענעם פענסטער האָבן זיך געשפּיגלט די גרינע פּרוכט־ביימער און ס׳האָבן זיך גערייטלט עפּעס פאַרבלאָנדזשעטע שטראַלן פון דער פאַרגייענ־דיגער זון.

«אָט דאָ, הייסט עס, וואוינט איר. און איינער אַליין? איך קאָן דאָס ניט באַנעמען», פּעכגאָלד האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף א ווייכן שטול. «ס׳איז אייך קיינמאָל ניט אומעטיג? איר זייט פאַר מיר א רעטעניש.

צוויי און צוואַנציג יאָר, ווי מיר זיצן אין דער זעלביגער קאַנטאָר. יאָ, אַזוי פיל מוז דאָס שוין זײַן ... איר ווייסט, ס׳איז דאָך מאָדנע, וואָס איך הייב אײַך גאָרניט אָן צו קענען. אייגנטליך האָב איך קיינמאָל ניט גערעדט מיט אײַך וועגן עפּעס אַחוץ געשעפט. נאָר טראַכטן פלעג איך וויפיל מאָל: וואָס טוט דער הער לויך גאַנצענע טעג? ווען איך באַלייט אים אַהיים ... נאָכדעם זעהט מען אים מער ניט אָן אין די אויגן ...»

לויך האָט זיך דערשראָקן: «זאָגט נאָר, איר האָט געוואָלט, דוכט זיך, פריער דערציילן עפּעס אַנדערש?»

«איר זײַט מסתמא א מאָדנער מענטש», איז פּעכגאָלד געבליבן בײַ זײַנס. «אויף וואָס גייען בײַ אײַך אַוועק די אָוונטן?»

«נו, ס׳קומט אויס צו טון דאָס און יענץ.» לויך האָט דאָס אַרויסגערעדט גאַנץ פּשוט, נאָר געקלונגען האָט דאָס, ניט־ווילנדיג, מעשה־סוד.

«איר לייענט ביכער?»

«יאָ, עס טרעפט.»

ס׳איז געוואָרן א פּויזע.

«טאַקע, ווען איר וואָלט מיר געזאָגט איין וואָרט», האָט זיך אָפּגערופן פּעכגאָלד, «וואָלטן מיר זיך מיט אונזער אורלויב געקאָנט אײַנאָרדענען אַזוי, אַז מיר זאָלן אינאייגעם אוועקפאָרן קיין שעלעזען. דאָרט זײַנען פאַראַן א סך מענטשן ...»

«א סך מענטשן? איך האַלט נישט פון מענטשן, פּונקט ווי זיי האַלטן פון מיר ניט.»

«פון קיין איינעם ניט?»

אין דער מינוט האָט זיך די שויב פון פענסטער גענומען טרייסלען. א זשומען, א פרײַכן, א געפּילדער. און ס׳האָט געגעבן א שטורעם פאַרבײַ דער שווערער לאָקאָמאָטיוו, אַרומגערינגלט פון רויך, און די וואַגאָנעס מיט זייער גערודער ...

«גוואַלד, אָט איז פּונקט פאַרן נאָז אַוועק מײַן צוג.»

«עסט זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, איר וועט פאָרן מיט דער שיף.»

«אַזוי?» און פּעכגאָלד האָט זיך גענומען צום פריערדיגן ענין, גלײַך מען וואָלט וועגן קיין זאַך ניט גערעדט, און געזאָגט מיט זײַן פאַמעליך־וויברירנדיגן באַס: «פון קיין איינעם ניט?»

«יאָ, פון קיין איינעם ניט ... נאָר מיר האָבן פּײַן פאַרבראַכט, אמת? דעם צוג האָבן מיר פאַרזאַמט, דאָס איז דאָך דער בעסטער סימן. קומענדיגן זונטאָג מוזט איר ווײַטער קומען, אַיאָ?»

«אָבער טאָמער האַלט איר פון מיר אויך ניט, ווי פון אַלע מענטשן? ווי אַזוי מיינט איר דאָס? איך וואָלט דאָך ניט וועלן אײַך זײַן צו־לאַסט.»

לויך האָט זיך פאַרשעמט. «יאָ, פאַרשטייט איר מיך, איר טאָרט דאָס ניט אָננעמען אַזוי וואָרט פאַר וואָרט. אין א געוויסער מאָס. איך אליין פאַרשטיי דאָס אייגנטליך אויך ניט. איך קאָן דאָך ניט אַרײַנקוקן אין זיך אליין, און, זעהט איר, כּדי איך זאָל דאָס אײַך קאָנען געבן צו פאַרשטיין, וואָלט איך געדאַרפט זײַן טויזנט מאָל קליגער, ווי איך בין, און דאַן וואָלט זיך מיר דאָס ערשט ניט אײַנגעגעבן. נו, ס׳איז מיר פשוט אָנגענעמער צו זײַן אַליין פאַר זיך: למשל, איך קאָן ניט הערן, ווי מענטשן עסן. זיי סמאָטשקען אַזוי, בשעת זיי קײַען.»

«דאָס איז אמת. איך קאָן דאָס אויך ניט איבערטראָגן.»

«ניין, איך מיין ניט דווקא דאָס, איך רייד אין אַלגעמיין. צווישן מענטשן פיל איך זיך שטענדיג אַזוי אײַנגעענגט, וועגן טויזנט זאַכן דאַרף מען קלערן, מען דאַרף זיך צווינגען צו עפּעס. אַז איך בין שוין אַזאַ מענטש, איך בין ניט באַשאַפן געוואָרן אויף צו פירן די גרענדע אין סאַלאָנען. די מענטשן שטערן מיך אויף רעכטס און אויף לינקס, און דעריבער פלעג איך אַלעמאָל זאָגן צו זיך: יאָזעף, אַז דו ביזט אַליין, איז דאָך דיר א סך באַקוועמער.» ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צום אָנליין פון שטול און געקוקט פרידליך, און די פאַרנאַכטיגע זון איז געווען ווי א קראַנץ אויף זײַנע גרויליכע האָר. «... האָסט דײַן שטעלע, דײַנע שכירות, בכלל וואָס איז שייך צו געלט האָסטו ניט מער וואָס צו דאַג׳ענען. וואָס קאָן זיך טרעפן מיט דיר? קיין אַמביציעס האָסטו ניט, קיין באַזונדערע באַדערפעניש האָסטו אויך ניט. טאָ וואָס דאַרפסטו? דאַרפסט האָבן עפּעס א מענטשן?»

א גרינגער ליאַרעם האָט זיך אויפגעהויבן פונם טײַך, פונדערווײַטנס, ווי א ליבליך וואָרקען פון א טויב. ס׳איז געווען די שיף, וואָס איז צוגעפאָרן צום שטיי־פּלאַץ און געשלאָגן מיטן רודער־ראָד דאָס וואַסער.

«אַהאַ, אָט איז אײַער שיף. ס'אַראַ אויסגעצייכנטע פאַרבינדונג מיר האָבן מיט פּראָג! אַלע פופצעהן מינוט; און מען איז שוין דאָ. ס'איז טאַקע פונקט אַזוי, ווי מען וואָלט זײַן בײַ זיך אין שטוב, אַיאָ. נאָר איצט דאַרפט איר זיך גוט צו־אײַלן.»

פעכגאָלד האָט גענומען זײַן הוט: «איצט וואַרפט איר מיך ארויס, הייסט עס; און איצט קומט זי. דאָרטן אינעווייניג וואַרט זי שוין מסתמא, הם.» ער האָט געגעבן א שמעק אַנטקעגן דער טיר פונם צווייטן צימער...

לויך האָט זיך אפגעקערט. פעכגאָלדס עראָטישע נטיות זײַנען אים געווען דערווידער, און בעצם האָט ער זיך שוין געפרייט, וואָס ער ווערט פָּטור פון אָט דעם מענטשן מיט זײַן אַטמאָספערע פון אומרואיגע נאָכ־פרעגענישן און אינטימקײַטן. ס'וועט נאָך ווערן הײַנט א שטילער אָוונט. און צונויפגעמישט מיט דעם געפיל, מַמש ניט אָפּצוטיילן, האָט פונדעסט־וועגן אַרײַנגעפלייצט אין זײַן שטימונג א מין פרייד צוליב דעם היימליכן שמועס, וואָס ער האָט געפירט מיט אים.

אין דער צײַט וואָס ער האָט אים באַלייט ביז דער שיף איז אים דער פרעמדער מענטש געוואָרן אַלץ מער ניט־סימפּאַטיש, אַלץ מער איז ער געשטאַנען אין וועג, און ס'איז אים שוין געווען א חידוש, ווי אַזוי האָט ער זיך דאָס א גאַנצע שָעה געקאָנט צופּאַסן צו אים...

פּלוצלונג האָט דער סיגנאַל־גלאָק געגעבן א קלונג. פעכגאָלד האָט גע־נומען אונטערלויפן, שרײַענדיג הינטער זיך א «זײַט געזונט».

«הייסט עס, קומענדיגן זונטאָג, איך וואַרט אויף אײַך פעסט», האָט לויך אים נאָכגעשריען.

* * *

«איר קאָנט פאָרן באַלד קומענדיגע וואָך?»

לויך האָט זיך טיף פאַרנייגט: «אדרבא, הער דירעקטאָר, אויב איר פאַרלאַנגט, איז כאָטש מאָרגן.»

«ניין, אַזוי שטאַרק ברענט דאָס ניט. איר דאַרפט דאָך נאָך מסתמא ברענגען אין אָרדענונג אײַערע עסָקים, געזעגענען זיך...»

אָט דאָס איז גֶעווען דער סוף פון א לאַנגן שמועס, וואָס איז פאָר־געקומען, א סורפּריז פאַר לויכן אַליין, אויף מאָרגן נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון אורלויב.

איצט האָט ער ניט געוואוסט, וואו זאָל ער נעמען עסקים אויף איינצו־אָרדענען זיי א גאַנצע וואָך צייַט.

געקומען אין שטוב, האָט ער אַרייַנגערופן זייַן אַלטע באַלעבאָסטע און איר אָנגעזאָגט גאַנץ זאַכליך, אַז מען האָט אים אַריבערגעפירט קיין פּילזען, אין דער נייַ־געגרינדעטער אָפּטיילונג פון «פּראָגער באַנק».

פרוי וואָנדראַק האָט א פּאַטש געטון אין די הענט פון אויפרעגונג.

«וואָס איז מיט אייַך?» ער האָט פאַרחידושט א קוק געטון אויף איר.

«איר פאָרט אַוועק, אויף אַלעמאָל? אָבער, גאָטעניו, ס'קאָן דאָך ניט געמאָלט זייַן! אונזער הער לויך זאָל אַוועקפאָרן, נאָכדעם ווי ער האָט דאָ אָפּגעלעבט זיבן און פערציג יאָר. און געבוירן געוואָרן זייַט איר דאָ...»

ער האָט א שמייכל געטון: «נו, דאָס איז נאָך ניט קיין ראַיה, אַז איך דאַרף דאָ שטאַרבן אויך».

«ווען אייַערע עלטערן זאָלן דאָס געווען דערלעבן, זיי זייַנען שטענדיג געווען אַזוי צוגעבונדן צו אונז... נו, וועלן מיר מוזן אַרויסהענגען א צעטעלע, אַז עס פאַרדינגט זיך תּיכף א צימער».

«דאָס קאָן איך געוויינטליך פון אייַך ניט פאָדערן, איך וועל זיך אָפּ־זאָגן פון צימער לויט ווי עס פירט זיך».

«יעזוס מאַריאַ, אַזאַ מין אָרנטליכן, רואיגן שָכן וועלן מיר גאָר קיינמאָל מער ניט געפינען». אַזוי האָט זי געקלאָגט, און א כליפּען האָט זיך אַרייַנגעמישט אין איר רייד...

«וואו זייַנען די העפטן?» האָט ער געפרעגט. אין דער צייַט פלעגט פריצל אים ברענגען צו פאַרריכטן זייַנע אַריטמעטישע אויפגאַבעס. «פריצל!»

די פרוי האָט אַרייַנגערופן איר אייניקל פון הויף, וואו ער האָט זיך געשפּילט אין שטיינדלעך; אין פאָדערצימער האָט ער שוין אָנגעהויבן וויינען אויפן קול, ווען ער האָט דערהערט די בייזע בשורה.

«פלאַנכעט ניט אַזוי!» הגם דאָס ייִנגל איז נאָך ניט אַלט געווען קיין אַכט יאָר, פלעגט אים לויך פונדעסטוועגן אירצן. ער פלעגט קיינעם ניט זאָגן «דו».

«ניין, איר טאָרט פון אונז ניט אַוועקפאָרן, ליבער גוטער פעטער לויך, ניין, איך בעט אייַך, איך האָב דאָך אייַך אַזוי שטאַרק ליב».

«נו, גיט א קוק, ס׳אַראַ קלעק איר האָט דאָ אָנגעמאַכט. עס קאַפּעט דאָך בײַ אײַך פון פּנים. ווישט זיך אויס די אויגן, אָט אַזוי, טס... און פון ווען אָן איז דאָס נײַנצעהן מאָל זיבעצעהן ניט מער ווי הונדערט מיט דרײַ און צוואַנציג?» און לויך האָט שוין געמומען קאָנטראָלירן מיט אַן אומגלויבליכער גיכקײַט די אָפּעראַציעס פון כּפל, און ער האָט געלאָזט גליטשן דעם שפּיץ פון זײַן בלײַער אויף און אָפּ פּאַזע די לאַנגע עמודים פון די חיבור־צאָלן.

* * *

אין א פּאָר וואָכן אַרום האָט פּעכגאָלד געהאַט געשעפטס־עסקים אין פּילזען. ער האָט וועגן דעם געגעבן צו וויסן דער דאָרטיגער אָפּטיילונג, און ער איז שטאַרק פּאַרוואונדערט געוואָרן, ווען ער האָט געטראָפן אויפן וואָקזאַל ניט נאָר דעם שעף פון דער אָפּטיילונג, נאָר לויכן אויך. לויך האָט געזאָגט, אַז ער איז געקומען אים אָפּנעמען, און דעם גאַנצן טאָג איז ער שוין פון אים ניט אָפּגעטראָטן.

נאָכמיטאָג, אָפּגעפּאַרטיגט זיך מיט די עסקים, זײַנען זיי ביידע אַוועק מיט דער לאַנגער גאַס צום וואָקזאַל, פּאַרבײַ דער ברויז.

«ס׳איז א גוטע העק, אָט דאָס פּילזען», האָט לויך אָנגעהויבן.

«אזוי גאָר? מיר דוכט זיך, אַז ס׳מאַכט א גאַנץ פײַנעם אײַנדרוק, ניש׳קשה פון א שטאָט. אָט די סקאָדאַ־פאַבריקן, אויף מײַן וואָרט: דאָס איז עפּעס רעכטס!»

«איר ווייסט, הער קאָלעגע», לויך איז געוואָרן אַלץ מער פּחד׳יג, «איך קאָן אייגנטליך איינער אַליין ניט פּאַרשטיין, וואָס דאָס איז, נאָר איך שפּיר זיך זייער ניט־היימליך. אַלצדינג איז אַזוי קליינשטעטלדיג. איר זײַט געוועזן, א שטייגער, אין קאַפּע...»

«ניין».

«פּאַרשטייט איר מיך, ס׳איז אַזוי קליין און שטיקיג, און מער ווי איינס איז נישטאָ; באַלד נעמט ווי טון דער קאָפּ, אַז מען זעצט זיך דאָרט אַוועק. און דערנאָך די פּאָר צײַטונגען. איך לייען דאָך ניט, און אין פּאָליטיק פּאַרשטיי איך ניט אַזוי פּיל», ער האָט צוגעלייגט דעם גראָבן פינגער צום נאָגל פונם מיטלסטן פינגער, «נאָר פונדעסטוועגן, ס׳איז פײַן, אַז מען זעהט אין קאַפּע א רעכטע פּאַק צײַטונגען, ווי ס׳באַדאַרף צו

זײַן, און די באַקענטע נעמען, און די הילעס, און די מענטשן, וואָס זײַנען זיך עוסק דערמיט ... ווײַטער דער טעאַטער. ווידער אַמאָל די אייגענע זאַך. אָדער די הײַזער, אַלע אַזוי רואיג און אַזוי מיאוס, און דער אַלטער קלויסטער אויפן מאַרקפּלאַץ. יאָ, יאָ, דאָס אַלצדינג וואַרפט אָן אַן אומעט, אַזאַ פּראָווינץ.»

«אַז מען הערט אײַך ריידנדיג, קאָן מען מיינען, אַז איר זײַט מי יודע וואָס פאַר א גרויס־שטאָטישער. נו יאָ, און נאָך דערצו אַזאַ מין דאָן־זשואַן ווי איר. די יְפֵהפיה אין קוכעלבאַד, זי האָט דאָס אײַך געוויס באַ־צויבערט ... אָט דערמאָן איך זיך, אַז איך דאַרף גאָר האָבן פאַראיבל אויף אײַך. איר האָט זיך אַפילו ניט געזעגנט מיט מיר, בשעת מען האָט אײַך אַריבערגעפירט אַהער ...»

«האָט ניט קיין פאַראיבל, איך בעט אײַך. איך בין דאָך ניט שולדיג, איך ווייס מער אַליין ניט, וואו איך האַלט. אפשר איז דאָס בענקשאַפט אַהיים, אָדער סתם עפּעס א מין מעלאַנכאָליע, וואָס מאַכט מיך אַזוי אומגליקליך.»

«אומגליקליך?»

«יאָ, אומגליקליך, ממש פאַרצווייפלט צו ווערן. איך וועל דאָס טאַקע ניט מער אויסהאַלטן. איר ווייסט, איך שפּיר זיך אין דעם פּילזען אַזוי פאַרלאָזן, אַזוי עלנט, אַזוי נודנע.» זיי האָבן דערגרייכט דעם וואָק־זאַל, און דער טונקעלער בנין אויפן בערגל מיט די קאַרעטעס פאַרן אַרײַנגאַנג, מיטן ליאַרעם, מיט די געלע פּאָסט־וועגענער האָט צוגעגעבן דעם לאַנדשאַפט און דעם הימל אַן אומעטיגן בײַקלאַנג. מיט די וואָלקנס פון פאַרע און קוילנשטויב האָבן זיך געטראָגן איבער דער גאַס די ערשטע שנייעלעך.

פעכגאָלד האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט.

«וואָס לאַכט איר?»

«ווײַל איר מאַכט אַפּנים חוזק פון מיר. איר און אומגליקליך! איך בין איבערגעצײַגט, אַז איר לעבט אומעטום, ווי א פיש אין וואַסער. איר האָט דאָך ניט קיין באַדערפעניש ... אַאַאַ, ס׳איז קאַלט», און פעכגאָלד האָט אַרויסגעצויגן פון מאַנטל־קעשענע א רויטע שאַל.

«יאָ, טוט טאַקע אָן די שאַל, ס׳קאָן ניט שאַטן», האָט לויך אָפּגעענטפערט אַן אײַנגעשראָקענער ...

געבנדיג א מאַך אויפן פאַרשנייטן לאָכאָטין־באַרג האָט פעכגאָלד אַרויס־גערעדט: «זומער וועט אייַך דאָ זייַן וואויל· פילזען, זאָגט מען, האָט א מחיה׳דיגע סביבה, פרעכטיגע עקסקורסיעס· און איר ווערט דאָך אַזוי נתפּעל פון דער נאַטור···»

לויך האָט גענומען א פעראָן־בילעט און צוגעפירט פעכגאָ׳דן ביזן וואַגאָן: «ווען איך זאָל מעגן אַצונד פאָרן מיט אייַך, גליקליכער וואָס איר זייַט!» און ווען דער צוג האָט זיך פּלוצלונג געגעבן א ריר: «לאָזט גריסן פון מייַנטוועגן דאָס גאָלדענע פּראָג·»

* * *

לויך איז וואָס פון טאָג געוואָרן אומרואיגער·

היות ער האָט קיין אַנדער טעם ניט געוואוסט, האָט ער דאָס אויס־געטייַטשט מיט דעם, וואָס זייַנע זאַכן האָבן זיך פאַרהאַלטן· פרוי וואָנדראַק האָט אים געהאַט אַרויסגעשיקט מיט פראַכט עטליכע קלייניגקייַטן, בילדער, פיגורעלעך, אָנדענקלעך, און איצט האָט ער זיך אייַנגעשמועסט, אַז אים פעלט אָט דער אייַנגעוווינטער אויספוץ פון זייַן צימער· אַלע טאָג איז ער געלאָפן צום באַן נאָכפרעגן זיך, צי איז שוין אָנגעקומען דער קופערט·

בייַנאַכט, ווען דער באַנק פלעגט זיך פאַרמאַכן, פלעגט ער אומבלאָנקען איבער די גאַסן; עפּעס א סודות׳דיגער בייזער גייַסט האָט אים געפּייַניגט· די פיל אומבאַקענטע פּנים׳ער האָבן אים גערייצט· אין פּראָג איז ער פון כּמה יאָרן געווען צוגעוווינט צו גיין אַהיים אַלע טאָג פאַזע דערזעלביגער שורה געשטאַלטן, און נאָר ביסלעכווייַז פלעגן פאָרקומען קליינע שינוים· איצט איז אַלצדינג מיט איין ריס צעשטערט געוואָרן, און ער איז שיר ניט געווען אין כּעס, וואָס מען לאָזט דאָ מאַרשירן פאַר אים מיט אַזאַ אויסברענגערישער פלאַנלאָזיגקייַט נייַע שורות פרעמדע מענטשן·

אַלצדינג אין פילזען האָט זיך אים אויסגעוויזן אַזוי אָהן א פּלאַן· אין פּראָג האָט געשטעקט אין דעם א געוויסע לאָגיק, אויסגעפּרובט דורך דער פּראַקטיק פון לאַנגע צייַטן, וואָס פון דער צי יענער גאַס האָט מען פונקט און יעדער מאָל געקאָנט אַרויסגיין אויף דעם צי אויף יענעם פּלאַץ· אין פילזען, האָט אים אויסגעוויזן, איז אַלצדינג אָהן א סדר, אַבי אויס־געשפּרייט איבערן פליין· אָט דאָ, וואו עס פלייצט דער אַנגעל — צי האָט דאָ ניט פונקט אַזוי גוט געמעגט שטיין די גימנאַזיע? און צי האָט

דאָס הויז געמוזט האָבן דווקא צוויי גאָרנס — ס׳האָט דען ניט געקאָנט האָבן דרײַ? דאָס זײַנען געווען הוילע צופאַלן. ווער האָט אים געקאָנט עָרב זײַן, אַז נעכטן איז דאָס ניט געווען אַנדערש. אָפט פלעגט ער פאַרבלאָנדזשעט ווערן, אָפט פלעגט ער מיט גרויס אויפרעגונג אָנשטויסן זיך אין פאַרשיידענע טיילן שטאָט אויף ענליכע בנינים און פּראָספּעקטן. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז הײַנט גייט ער אַרויס מיט דערזעלביגער גאַס גאָר אין אַן אַנדער אָרט, ווי אַנומלט. דאַן פלעגט ער זיך קלאָגן אויף א קול, אַז מען נאַרט אים בכּיוון, און עס איז אויף אַן אֶמת אויפגעקומען בײַ אים א געדאַנק, פון וועלכן ער איז א פאַרציטערטער געוואָרן: אַז בײַ־נאַכט רוקט מען איבער אַלע הײַזער און מען מישט זיי אויס, כּדי פון אים חוזק צו מאַכן.

אָנגעקומען אין דער היים, אין זײַן דירה, פלעגט ער געפינען נײַע אומאַנגענעמקײַטן. די טרעפּ איז אים געווען פרעמד, די באַלעבאָסטע האָט בשום־אופן ניט געקאָנט געדענקען, אַז בײַ־טאָג וויל ער אויך האָבן פרישע וואַסער צום וואַשן־זיך. טויזנט קלייניגקײַטן, וואָס פרוי וואָנדראַק פלעגט אָפּטון ניט־געבעטענערהייט, האָט ער ערשט דאָ דערשפּירט, בשעת זיי זײַנען ניט געווען. תָּמיד האָט ער געמוזט בעטן, הייסן, דאַג׳ענען וועגן דעם, אַז ס׳זאָל אים זײַן היימליך. פריער זײַנען די באַוועגונגען פון זײַן שטוביגן לעבן געגאַנגען אָהן שטערענישן, ער האָט זיי כּמעט ווי ניט באַמערקט; איצטער האָט ער כּסדר געהערט דאָס קלאַפּן פון דער מאַשינעריע . . . און די מאָלצײַטן זײַנען גאָר געוואָרן די גרעסטע אָנשיקענישן אין זײַן טעגליכן לעבן. צו זײַנע נײַע קאָלעגן האָט ער זיך ניט צוגעע׳חַבר׳ט, און דעריבער פלעגט ער עסן אין שטוב, איינער אַליין אין זײַן צימער, ניט בײַם שותּפישן טיש פון דער פאַמיליע, ווי בײַ וואָנדראַקס. דעריבער האָבן די מאכָלים ניט געהאַט דעם טעַם, וואָס ווערט באַשאַפן דורך הפסָקות אין עסן, דורך אַרומקוקן זיך און דורך שמועסן. און טיילמאָל האָט זיך אים אָפּגעדוכט אין זײַנע פיר ווענט, אַז ער איז דערנידעריגט ביז דער מדרֵגה פון א חַיה, וואָס שלינגט שטום אַרונטער איר נערונג בײַ זיך אין שטײַג . . .

געווען טעג, ווען ער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. אין קאַנטאָר האָט מען געהאַט דֶרך־אֶרץ פאַר דער פאַרשלאָסנקײַט פונם מענטשן, וואָס

איז אַפּנים איינגאַנצן אַרײַנגעטון אין זײַן אַרבעט. אין דער היים פּלעגט די באַלעבאָסטע קומען צו אים נאָר דעמאָלט, ווען זי האָט אים געדאַרפט אָנזאָגן, אַז די הוצאות אויף ליכט, קוילן, מילך א.אַז.וו. גייען ניט אַרײַן אין דירה־געלט... דאַן פּלעגט ער אַרויסלויפן אין גאַס, שפּאַצירן. אַרויף און אַראָפּ האָבן זיך געצויגן פרייליך־לאַכעדיגע מענטשן, אַלץ אויף דער אייגענער זײַט פונם מאַרקפּלאַץ אַרויף און אַראָפּ, שמועסנדיק און ווערטלענדיק זיך און אַראָפּנעמענדיק די היטלען. ווי פּאַרטויבט פּלעגט לויף גלאָצן אויף דעם שפּאַצירנדיקן עולם, אַן אומענדליך ווייטאָגדיקער געפיל פון אָפּגעריסנקייט האָט אים אַרומגענומען. שעה׳נלאַנג פּלעגט ער אַזוי פאַרברענגען, ביז וואַנען דער קאָפּ און די פיס האָבן גענומען ווי טון. אָפט איז ער אויך צוגעשטאַנען צום עולם, און ווען עס פלעגט זיך אים אײַנגעבן צו שפּרײַזן אין גלײַכע טריט מיט א גרופּע יונגעלײַט, וואָס זײַנען געגאַנגען אָרעם־אין־אָרעם, האָט ער געשפּירט א מין באַפרידיגונג, גלײַך ער וואָלט פון־דאָסנײַ געקומען אין פאַרבינדונג מיט מענטשן. איינמאָל האָט ער באַמערקט, ווי איינער א הער שטרעקט אויס די האַנט און ווײַזט אָן א דאַמע אויפן שפּיץ פון קלויסטער. לויף איז געווען פול מיט אַן אומגעהײַערער בענקשאַפט נאָך א געשפּרעך; האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעשטרענגט געקוקט אַרויף־צו, גלײַך די דערקלערונג וואָלט געווען פאַר אים. א דאַנק־באַרער האָט ער געקוקט דעם הער אין די אויגן; נאָר יענער האָט א צי געטון די דאַמע פאַרן אַרבל א שטיקל ווײַטער, אָפּצוטשעפּען זיך פונם ניט־געבעטענעם צוהערער. דאָ האָט לויף גענומען לויפן, אין יעדער גאַס האָט ער מיט א געשריי געפרעגט בײַ עמיצן, וואו איז דער וועג צום מאַרק־פּלאַץ. דערשראָקענע האָבן די דורכגייער נאָכגעקוקט נאָכן אויפגערעגטן מענטשן, וואָס איז געלאָפן ווײַטער ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער. אין דער היים האָט ער הויך גערעדט מיט זיך אַליין, גע׳דרשנ׳ט צו דער קאַנאַפּע, געשמועסט מיטן אויוון; א געהיימע מורא, אַז עס קאָן אים מיט א מאָל אָפּנעמען דאָס לשון, האָט אים געטריבן ריידן אַלץ גיכער, כדי איבערצוצײַגן זיך, אַז ער פאַיימאָגט נאָך זײַנע פעאיג־קײַטן. א פאַרמאַטערטער, אין טרערן, איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן; אין חלום האָט ער געזעהן מחנות מענטשן, וואָס האָבן זיך אַלע אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן, וואָס זײַנען געגאַנגען, ניט באַמערקנדיק אים. ער האָט

געוואָלט שרײַען, רופן נאָך הילף; נאָר ער האָט ניט געקאָנט רירן די צונג, זי איז געווען האַרט ווי אַ פּאָדעשווע···

אויף מאָרגן איז אָנגעקומען דער קופּערט·

מָלא־שִׂמחה האָט ער אויסגעפּאַקט· נאָר ווען די קאַלענדאַרן און די גראַווורעס זײַנען געהאַנגען אויף זייערע ערטער, האָט דער געפיל פון פרעמדקײַט אים ערשט פאַרנומען בײַם האַרצן מיט טויזנט זכרונות··· פון יעמאָלט אָן האָט זײַן צושטאַנד דערגרייכט ביז דער מדרֵגה פון אַן אײַנגעגעסענער פאַרבלענדעניש· אים האָט זיך געדוכט, אַז ער איז פאַרשטויסן פונם כלַל מענטשן, אין אַלעמען האָט ער געזעהן שונאים און ניט־פאַרגינער, אָפט, ווען דאָס עסן האָט ניט געהאַט דעם רעכטן טעַם, האָט ער אָנגעהויבן חושד זײַן, צי וויל מען אים ניט פאַר׳סַמ׳ען· מַחמת ער האָט בײַ זײַנע קליינע קנִיות ניט געוואוסט די וואָלוועלע ערטער, האָט זיך אים געדוכט, אַז אַלע נאַרן אים אָפּ· טיילמאָל האָט ער זיך מיַשב געווען, צי זאָל ער זיך ניט אײַנשאַפן אַ הונט אָדער אַ קאַץ, צי זאָל ער ניט ווערן חַבר מיט עפּעס אַ בעַל־חַיים· ווי אין אַ תּפיסה, האָט ער געשפּירט, היט מען אים און מען פּענטעט אים, דער הימל איז תָּמיד געווען פאַרוואָלקנט, פאַרפול מיט שעדליכע מיאַזמען, פאַררויכערט; בײַ־נאַכט האָבן בלוי־וויאָלעטע בליצן אָנגעמאַכט אַ שטראָמיגע באַוועגונג צווישן די וואָלקנס, צעריסן די שטערן און אַרײַנגעריסן זיך אין די פענסטער·

דער פרילינג איז געקומען, רעגנס האָבן אים אַראָפּגעשמיסן דעם הוט פון קאָפּ···

ער האָט ניט אויסגעהאַלטן מער·

ער האָט גענומען אורלויב אויף זונטאָג און אויף מאָנטאָג און אַוועקגעפאָרן קיין פּראָג· און ס׳אַראַ פרייד עס איז געווען, ווען דער צוג האָט אַריבערגעבראָזט איבערן אײַזערנעם בריק אויף דער מאָלדאַווע!

* * *

מען איז געזעסן בײַם שפּיל פון מיליטערישן אָרקעסטער אין קוכעלבאַד· הגַם פּעכגאָלד האָט אים פאָרגעלייגט דורכגיין זיך זאַלבענאַנד, איז לויכן פּאָרט געווען מער צום האַרצן צו זײַן מיט דער גרויסער קאָמפּאַניע, וואָס פלעגט אַלעמאָל מאַכן מיט דער פאַמיליע פּעכגאָלד דעם זונטאָגדיגן שפּאַציר·

די אָנגעשטעלטע זײַנען צוגעגאַנגען צו אים, איינער נאָכן אַנדערן, אַלע מיט דערזעלביגער פראַגע: «נו, שוין אײַנגעוווינט זיך אין פּילזען?»

«אַ דאַנק, צו־ביסלעך», פלעגט לויך ענטפערן.

דערנאָך איז יעדערער אַוועק צוריק אויף זײַן אָרט.

מען האָט גערעדט וועגן דער לעצטער פּאַרטיע פוטבאָל, איינער איז אַרײַן אין התפעלות פון די גענג פון די «מיטווײדער», אַן אַנדערער האָט אײַנגעפונען, אַז זיי זײַנען «צו עגאָאיסטיש». פּרוי פּעכגאָלד האָט דער־ציילט אירע אײַנדרוקן פונם «אַביסינישן דאָרף». ס'איז געקומען צו רייד וועגן דער יובילײ־אויסשטעלונג. לויך האָט פון דעם אַלעם ווינציק וואָס פאַרשטאַנען, אים האָט געפעלט די כּסדר'דיגע קייט פון געשעענישן, וואָס האָט געבראַכט צו איטליכן פון די דאָזיגע פראָגער עפּיזאָדן, און אַן אומקלאָרע טרויעריגקײַט האָט אים באַפאַלן, בעת ער איז געוואויר געוואָרן, אַז אַלצדינג איז זיך דאָ געגאַנגען ווײַטער אָהן אים... נו גוט, איצטער איז ער אָבער צוריק אין דעם היים. אַ באַרואיגטער האָט ער זיך אַרומגעקוקט אין סאָד, געוואָרפן אַן אויג אויף די קעשטן־ביימער, אויף די שטיינענע וואַזעס אויף דער מויער, וואו ס'האָבן זיך גענעסטלט פייגעלעך, פונקט ווי פאַראַיאָרן, און מיט אַ מאָל האָט זיך אים אויס־געוויזן אוממיגליך, אַז ער זאָל ווען עס איז פונדאָסניי אַרויסגעריסן ווערן פון אָט דער אײַנגעפונדעוועטער, רעאַלער סביבה. צווישן זײַנע קאָלעגן האָט ער זיך געשפּירט זיכער, הגם ער האָט מיטן גרעסטן טייל פון זיי פריער ניט גערעדט קיין צוויי ווערטער, האָט אָט דער פריילעכער געזעמל פון מענטשן פונדעסטוועגן אויפגעוועקט בײַ אים אַ מין שטימונג פון מאַכט, וואַרימקײַט, אַחדות, צונויפגעבונדנקײַט. ער האָט זיך צוגעהערט מיט חשק צו זייערע רייד און געשפּירט זיך ווי אַ שותף צו זיי. ווען עמיצער האָט זיך געווענדט צו אים, האָט אים דאָס, אמת, אָנגע־שטרענגט און געשטערט. אָבער דאָס זײַנען דאָך געווען ניט מער ווי קורצע רגע'ס, און סוף־כּל־סוף איז פּאָרט געווען אַזוי היימליך צו קוקן אויף דער גאַנצער קאָמפּאַניע. ס'זײַנען געווען גוטע־פרײַנד, דורכאויס ברידער. איצט האָט זיך שוין קיין זאַך ניט געקאָנט טרעפן מיט אים. און ווען ס'האָט נאָך געגומען הילכן די מיליטערישע מוזיק פון שטאַרקע גילדערנע אינסטרומענטן, און ס'האָט נאָך אַ קלאַפּ געטון די גרויסע פּויק — דאָ

האָט זיך לויכן בפֵּרוש אָפּגעדוכט, אַז פון די דאָזיגע אַקאָרדן בויט זיך אויס עפּעס אַזוינס ווי א דורכזיכטיגער גלענצנדיגער פּאַלאַץ פון דיקן, שטיינ־הארטן קרישטאָל, וואָס קיין שום פאַרפאָלגער קאָן אַהין ניט אַרייַנדרינגען. ער האָט אָפּגעעטעמט, דאָס ערשטע מאָל פרייַ אָפּגעעטעמט נאָך א לאַנגער צייַט, טיפער אַרייַנגעזעצט זיך אין פאָטער־שטול, אַרומגענומען מיט זייַנע פיס די פיסלעך פון שטול, און צוזאַמען מיט די הויכע קלאַנגען האָט אַרייַנגעדרונגען צו אים פון דער ערד א שטאַרקנדיגער געפיל: אָט איז מייַן היים. זייַנע בליקן האָבן געוואַנדערט איבער די ווייַטע לאָנקעס, איבער וועלדער און איבערן טייַך, און פונם וואַסער אַרויס האָט ער אַזוי ווי פאַרנומען דאָס וואָרקען פון שיפן, וואָס שטייען צו צום ברעג...

«לעבן זאָל פּילזען», האָט עמיצער אויסגערופן צו אים פון יענער זייַט טיש, אָנגעבויגן איבער א גלאָז ביר.

לויך איז פאַרציטערט געוואָרן, און ווען ס׳האָט פאַרבייַגעדונערט א צוג, האָט ער א קלער געטון מיט אֵימה, אַז איבערמאָרגן וועט אויף דעם וועג, גראָד פאַרבייַ דעם אָרט, טאַקע אים אַוועקפירן א צוג...

פון זייַנע רעַיונות האָט אים אַרויסגעריסן פּעכגאָלד, צורוקנדיג זיך נעהענטער צו אים: «נו, ווי האָט איר זיך אייַנגעוווינט אין פּילזען?»

«שלעכט, הער קאָלעגע, זייער שלעכט, זייער ניט־גוט.»

«איר האָט שוין געפונען א פּאַסיגע קאָמפּאַניע?... א, פּאַרדאָן, איר דאַרפט דאָך ניט קיין קאָמפּאַניע.»

«אָט דאָס איז דאָך די מעשה», האָט לויך אים איבערגעשלאָגן. פּלוצלונג איז ער געוואָרן שרעקליך צעטראַגן, דער גאָרגל האָט גענומען גיין אין ספּאַזמעס, גלייַך ער וואָלט וועלן אַרויספּאָמפּען זייַן טיפסטן סוד. צווישן די אַלע מענטשן אָהן זאָרגן, וואָס האָבן געפּרובט מיט זייער גע־פלוידער אַריבערשרייַען די מוזיק, צווישן די אייַלנדיגע סאַרווערס און בייגל־הענדלער האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז עס קאָן זיך פּאַר אים אַנט־פּלעקן דאָס רעטעניש פון זייַן לעבן, אָט דווקא איצט קאָן עס נִתגַלה ווערן, גיך ווי א בליץ. מיט אַן אָנגעשטרענגטער ענערגיע האָט ער געזוכט ווערטער: «אָט דאָס איז דאָך די מַעשה. בעצם בין איך דאָך קיינמאָל ניט געווען קיין געזעלשאַפטליכער מענטש. ווען איך רייד מיט עמיצן, איז מיר דאָס ניט צום האַרצן, און איך טראַכט בייַ זיך, ווי גוט

וואָלט געווען צו זײַן איצט איינער אַליין. נאָר ס׳איז א ליגן. אויף לאַנג קאָן איך דאָס ניט אויסהאַלטן צו זײַן איינער אַליין. אין פּראָג, פאַרשטייט איר מיך, ווי איך בין געווען פאַר זיך, בין איך פּאָרט שטענדיג געווען דורכאויס צווישן באַקענטע, ס׳זײַנען געווען מיליאָנען באַציאונגען און באַקענטשאַפטן און אויפטרעפענישן און גוט־מאָרגנס. און דאָ אין קוכעל־באַד, אויפן אורלויב, אויך דאָס אייגענע. דאָס איז דאָך ניט אַליין, ווען אַלע ווײַלע פּאָרט פאַרבײַ די שיף, דער אײַזנבאַן, און ס׳קומען אָן שפּאַצירער, און פונם ברעג זעהט מען דעם ווישעהראַד[1], די רויטע ווענט. איך קאָן דאָס ניט אַזוי אַרויסגעבן, ס׳איז א האַרבע זאַך. מען קאָן דאָך ניט אַרײַנקוקן אין זיך. נאָר אין פילזען, פאַרשטייט איר מיך, איז געווען א גרויל...»

פעכגאָלד האָט אים ניט פאַרשטאַנען: «הייסט עס בקיצור, איר שפּירט זיך ניט היימיש אין פילזען».

לויך האָט א קלער געטון, געוואָרן פּחד׳יג: «אפשר איז גאָר דאָס דער אמת׳ער טעם, וואָס איך וואוין אויפן ערשטן גאָרן. איך וואוין ווי אין גאַס. יעדערער קוקט אַרײַן, בשעת איך טו זיך אָן אינדערפרי...»

«נאָר דאָ אין קוכעלבאַד האָט איר דאָך אויך געוואוינט אויפן ערשטן גאָרן.»

«איך ווייס אַליין ניט וואָס דאָס איז», לויך האָט זיך נערוועאיש צע־שריען. «איך ווייס ניט. נאָר איך קאָן בשום־אופן ניט וואוינען אויפן ערשטן גאָרן».

פעכגאָלד האָט אים א פאַרזאָרגטער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע: «איר וואָלט געדאַרפט אַרײַנגיין צו א דאָקטער. אפשר הוליעט איר צו שטאַרק?...»

מען האָט גענומען גיין, כדי ניט צו פאַרשפּעטיגן צום באַן.

«איר געדענקט נאָך», האָט לויך געפרעגט שטילערהייט, «ווי מיר האָבן פאַראַיאָרן פאַרפלוידערט דעם צוג. שיינע צײַטן געווען.»

מיט אַמאָל, בשעת זיי זײַנען אַריבערגעגאַנגען אויף א הילצערנעם בריק איבער די רעלסן פונם וואָקזאַל, האָט זיך לויכן אויסגעוויזן, אַז פעכגאָלד פירט זיך אויף מיט אים איבער דער מאָס צאַרט, אַז ער שאַנעוועט אים, ווי

[1] דער הויכער שטאָט־טייל פון פּראָג.

א קראַנקן, ווי א חֵפץ, וואָס אָט־אָט צעברעכט ער זיך. א טיף רחמָנות צו זיך גופא האָט אים אַרומגעכאַפּט; ווי ביטער מוז שוין זיין מיט אים, אַז מענטשן מוזן זיך פאַר אים אָננעמען. פעכגאָלד האָט אים געמומען אונטערן אָרעם. אַזוי פיל גוטסקייט האָט געריירט לויכן ביז טרערן, ער האָט זיך צוגעטוליעט נאָהענט צו זיין באַלייטער, און שפּירנדיג די גאַנצע צונויפגעבונדנקייט פון דער מענטשהייט, האָט ער געשעפּטשעט: «לאָמיר זיך זאָגן דו, איאָ?»

דער צוג, וואָס איז אָנגעקומען מיט רַעש, האָט פאַרשלונגען זיין קול...

* * *

אויף מאָרגן אינדערפרי איז ער אַוועק אין דירעקציע.

דער דירעקטאָר האָט גראָד געהאַלטן אין אונטערשרייבן בריוו, א באַדינער האָט געהאַלטן אין האַנט דאָס בינטל און דערלאַנגט צום שרייבטיש איין פאַפּיר נאָכן אַנדערן. דערנאָך האָט ער פלינק צוגענומען דאָס אונטערגע׳חתמ׳עטע, אָפּגעטריקנט און אַוועקגעלייגט באַזונדער. אַלע פאַפּירן האָבן אויסגעזעהן ענליך און זיינען פאָרט געווען ניט גלייך, און מען האָט געקאָנט פאַרטומלט ווערן פון די פאַרשיידענע כּתַב׳ן און שטעמפּלען...

לויך, די ציטערדיגע לינקע האַנט אויפגעעפנט ביים רוקן, האָט זיך אָפּגעשטעלט א ביסל הינטערן דירעקטאָר און גענומען אַרויסזאָגן זיין בַקשה פאַרן דירעקטאָרס פּלייצע: מען זאָל אים אַריבערפירן צוריק קיין פּראָג, ער שטייט דאָרטן אויס אַזא שרעקליכע פּיין...

פּלוצלינג האָט דער דירעקטאָר מַפסיק געווען אין זיין אַרבעט און זיך אַרומגעקוקט: «א, הער לויך, וואָס ווער איר דערציילן גוטס? וואָס מאַכט איר? זעצט זיך...»

לויך איז שיר ניט איינגעזונקען געוואָרן אין דעם ווייכן פאָטעל, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט פון שרייבטיש. ער האָט געקוקט פון אונטן אַרויף, ווי אויף א מאוימ׳דיגער גאָטהייט, אויפן דירעקטאָר, וואָס האָט ווידער גענומען שרייבן, און פון גרויס שרעק האָט ער פאַרגעסן, אַז ער דאַרף ריידן.

«נו, איר האָט געוואָלט עפּעס איבערגעבן? וואָס האָט אייך געבראַכט אַהער?» דער דירעקטאָר האָט ווייטער מַפסיק געווען און מיט א שמייכל א קוק געטון אויף אים.

לויך האָט נאָך א מאָל אויסדערציילט אַלצדינג; נאָר מַחמת ער האָט אַרייַנגעלייגט אַזוי פיל געפיל אין די ערשטע רייד, איז איצט אַרויסגעקומען מערניט א בלייכע קאָפּיע. גלייַך ער וואָלט איבערדערציילט אַן אַנדערנס א געשיכטע...

דער דירעקטאָר, אַן עלאַסטישער, האָט זיך אויפגעהויבן, זיך דורכגעגאַנגען אונטערטאַנצנדיג דורכן צימער, און פון א הייך, וואָס איז געווען נאָך מער אימפּאָזאַנט, האָט ער מבַשר געווען דעם הויערנדיגן אונטעראָנגעשטעלטן, אָבער מיט א פרייַנדליכן פָּנים: «קיין פּראָג... ניין, מייַן ליבער לויך, וואָס האָט איר זיך אַרייַנגענומען אין זינען. אונזער יונגע אָפּטיילונג באַדאַרף האָבן אויסגעפּרובטע מענטשן. אָהן אייַך איז אוממיגליך זיך צו באַגיין. און דער עיקר, דאָרט האָט איר פאַר זיך א צוקונפט... באַציאונגען? וואָסערע באַציאונגען האָט איר אין פּראָג? איך בעט אייַך, ס'איז דאָך צום לאַכן. א מענטש פאַר זיך, אין אייַערע יאָרן. איר האָט א פאַמיליע? נו, איר זעהט. אַחוץ דעם הער איך דאָך תָּמיד, אַז איר לעבט פון שטענדיג אָן א ביסל מעשה־פילאָסאָף, אַזוי, האַהאַ, ווי דער ראַק דער מִתבוֹדֵד...»

אין דער מינוט האָט א קלונג געטון דער טעלעפאָן.

דער דירעקטאָר האָט צוגעלייגט דאָס שוואַרצע טרייַבל צום אויער, אָנגעבויגן זיך: «דאָ פּראָגער באַנק... האַלאָ... הייַנט זעקס א זייגער... ביטע, מיט פאַרגעניגן, קיין דאַנק ניט ווערט...» און א דריי געטון דעם בלאַנקן דרייער, פון וועלכן ס'האָט געשפּריצט א זאַנפטער קלונג.

דערנאָך האָט ער זיך ווייַטער געווענדעט צו לויכן מיט א האַלב־צעטראָגענעם בליק: «יאָ, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן... יאָ, א פילאָסאָף, האַהאַהאַ, טימאָן פון אַטען... נאָר דאָס איז נאַרישקייַטן, מען געוויינט זיך צו צו אַלצדינג. איר וועט זיך נאָך אַליין פרייען, איר וועט מיר נאָך זאָגן א דאַנק. געדענקט מייַנע ווערטער... איבער א יאָר? ניין, איך קאָן דאָס אייַך ניט צוזאָגן, עס זעהט זיך ניט, אַז מען זאָל אין דער נאָהענטסטער צייַט קאָנען עפּעס איבעררוקן. דאָס איז ניט פון די גרינגע זאַכן. ניט אַלעמאָל קאָן מען האָבן דאָס וואָס עס ווילט זיך. איר ווייסט דאָך, דער פאַרוואַלטונגס־ראָט... נו, פּעסט בייַ זיך. איר זעהט אַגב אויס אויסגעצייכנט, אינגאַנצן רויט, אויף מייַן וואָרט. נו, זייַט געזונד! אויף ווידערזעהן!»

דער דירעקטאָר האָט נאָך אַפילו ניט דעם מינדסטן וואונק געטון, האָט דער באַדינער שוין דערלאַנגט דאָס נאָהענטסטע שטיק פּאַפּיר. און די אונטערשריפטן האָבן אַרויסגעפּלאַטערט פון אונטער דער פען...

ווייענדיג איז לויף אַרויס, דורך די קאָרידאָרן איבער אײַזערנע שווינדל־טרעפּ און רויטע פּאַסן לינאָלעאום, וואָס האָבן עפּעס אַזוי ווי געפּאַטשט אונטער זײַנע פיס. ס'האָט אים באַפאַלן אַ מאָדנע נײַגעריגקײַט צו זעהן זײַן פריערדיגן אַרבעטס־צימער. ער האָט זיך פאַרקערעוועט אַהין, און אַצונד האָט זיך אים אָפּגעדוכט, אַז ער גייט, ווי אמאָל, צו זײַן שטענדיגער אַרבעט, פאַרביי די שטענדיגע פּוישט־באַדעקטע טירן, פאַרביי די פענסטער מיטן אויסקוק צום הויף, אויף די גרינע בלעטער. מערניט ער האָט זיך הײַנט אַ ביסל פאַרזאַמט. דער זייגער אויף דער טרעפּ האָט שוין געוויזן עלף. ניט־ווילנדיג האָט ער גענומען שטעלן גיכערע טריט. איצט נאָך די סקאָנטע־אָפּטיילונג, די דעוויזן־אָפּטיילונג... ער האָט אויפגעעפנט די טיר. צוויי יונגע אָנגעשטעלטע האָבן געשמועסט איבערן שרײַבטיש, איבער זײַן שרײַבטיש אַריבער. אויפן טיש זײַנען געלעגן זײַנע ביכער, איינס איז געווען אָפן, ער האָט דערקענט זײַן כּתב. פעכגאָלד איז געזעסן, מיטן רוקן צו דער טיר, צוגעשפּאַרט זײַן מעטאַלענע ווירע צו דער באַק... «אַזוי אַן ערך וואָלט דאָ אויסגעזעהן נאָך מײַן טויט אויך, אַזוי וועט דאָס אויסזעהן, הייסט עס!» דער דאָזיגער געדאַנק האָט, ווי מיט אַ בײַטש, אַראָפּגעיאָגט לויכן פון די שטיגן.

דעם גאַנצן טאָג האָט דאָס אים געטריבן דורך די גאַסן. ער האָט ניט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ער האָט ניט געשפּירט קיין הונגער. פּלוצלונג איז אים אַרײַן אין קאָפּ: «זוכן אַן אַנדער שטעלע!... נאָר אַז מען איז אַלט זיבן און פערציג יאָר!» האָט ער זיך באַטראַכט.

מיט עטליכע מינוט פאַר אַכט אַ זייגער אויפן פראַנצ־יאָזעף־וואָקזאַל. ער האָט געקלערט: «אַרום האַלבע נאַכט וועל איך זײַן אין פּילזען». מיט איין מאָל האָט אים באַצוואונגען דאָס בילד פון אָט דער שוואַרצער רויכיגער שטאָט, ער האָט געמיינט, אַז ער ווערט פאַרזונקען אין אַן אָפּ־גרונט אָהן אַ סוף, אַז עפּעס אַ לייכעצדיגער מאָגן פון אַ פאַרזעהעניש שלינגט אים אײַן. אַ צעטומלטער האָט ער זיך צוגערוקט צו דער קאַסע; אין זײַנע אויערן האָט ווילד געזשומט, ווען ער האָט געשעפּטשעט פאַמעליך,

אַליין ניט הערנדיג וואָס ער רעדט: «א בילעט קיין ··· קיין ··· קוכעלבאַד»· און דערנאָך האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן טיש מי יודע וויפיל געלט, אומזיסט האָט די באַאַמטין אים געפרובט אײַנהאַלטן ···

א צעדרייטער איז ער פונדאָסנײַ אַרויס אין גאַס, אין שטאָטישן פּאַרק אַרײַן· דערנאָך איז ער אַוועק מיטן וועג צו דער האָפּנשטאָק־גאַס·

ס׳איז געווען א שיינער מאַי־אָוונט· אומעטום האָט מען געזעהן מענטשן, צופרידן בײַ דער שײַן פון זייערע היימישע עובדות· אַרבעטער אין זייערע ברייטע הויזן, וואָס זײַנען שטײַף געוואָרן פון שמוץ, מיט רויטע זונען פון ציגל־שטויב אַרום די קני, זײַנען געגאַנגען דורך די אַלעעס פון קאַרלפּלאַץ, אַרום דעם פאָנטאַן האָבן זיך געשפּילט קינדער, גאָר אין הינטערגרונד האָט דער קלויסטער «סאַנקט יאָהאַן אויפן פעלזן» עלעגאַנט געהויבן אין הימל אַרײַן די קופּאָלן פון זיינע טורעמס, גלײַך ווי לעכערדיגע קיווערס· מיושב׳דיג האָט אָפּגעענטפערט פון דער זײַט פּלאַץ דער טורעם פון שטראָף־הויז, צונויפגעשטעלט פון הוילע גרוי־שוואַרצע שטיינער ··· פאַרבײַ אָט דעם טורעם איז לויך געגאַנגען צו זײַן היימישער גאַס· זי איז געגאַנגען באַרג־אַרויף, שטילערהייט, ענג, צוגעלאָזט· דאָ זײַנען געשטאַנען איינס לעבן צווייטן די צוויי סימעטרישע אויף א האָר גלײַכע הײַזער, מען האָט ניט־ווילנדיג געזוכט דעם שפּיגל צווישן זיי; מערניט איינס האָט זיך געהאַט אַראָפּגעגליטשט א קאַפּעלע טיפער· פון די געוועלבלעך האָבן אַרויסגעקוקט די באַקענטע אַלטיטשקע· אויף דער גרויסער גלעזערנער שויב פון שענק זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען מעשה־צלם די צוויי ביליאַרד־שטעקנס, מיט דער פלאַטערנדיגער סטענגע פון אויבן און מיט די דרײַ קוילן; אַלע טאָג פלעגט לויך באַקוקן מעכאַניש אָט דעם געמעל· ער איז אַרײַן, אָט אין דעם הויז האָט ער געוואוינט· נאָך אַלץ האָט א שטיקיגער טשאַד אָנגעפילט דעם פירהויז אַרום דער שענק·

ס׳האָט א קלונג געטון· פאַרחידושט האָט פרוי וואָנדראַק אויפגעעפנט פאַר אים די טיר·

זײַן צימער האָט זיך כמעט ווי ניט געהאַט געביטן; דאָס בעט, דאָס נאַכטטישל, אַלצדינג אויפן פריערדיגן אָרט· ער האָט דאָס געזעהן, פאַרבייגייענדיג, דורך דער אָפענער טיר· דערנאָך איז ער נאָכגעגאַנגען נאָך פרוי וואָנדראַק אין קיך אַרײַן·

«כ׳האָב ניט געוואָלט שטערן, כ׳האָב נאָר געוואָלט ...»

«ס׳איז פײַן, וואָס איר טוט אונז אָן דעם כָּבוד. נאָר זײַט מוחל, די וועטשערע פֿאַר דעם הער מיטיך ...» פֿון אַלע פֿענדלעך אויפֿן פֿײַער האָט געשפּריצט, א געשמאַקער ריח פֿון געבראָטנס האָט אָנגעפֿילט דעם חֶדר, א ווײַסע פּאַרע האָט געזעצט פֿון די בלויע עמאַלירטע בלעך־טעפּ. א פֿאַרלוירענער האָט לויך אויסגעשטעלט די אויגן. א בייזער הונגער האָט פּלוצלונג אַרויסגעשטופּט בײַ אים אַלע אַנדערע געפֿילן ...

דערנאָך איז ער געזעסן מיט פֿרוי וואָנדראַק אינם קליינעם סאַלאָן.

«איר זײַט עפּעס בלאַס, וואָס טוט זיך מיט אײַך, הער לויך.»

ער האָט גענומען דערציילן. ער האָט אויסגעקלערט אָהן א שיעור לאַנגע מעשיות, סכסוכים מיט זײַנע אייבערשטע, אַפּילו אָנפֿאַלן אין דער פּרעסע. פֿול מיטן פֿאַרלאַנג צו זיצן אַזוי לאַנג ווי מיגליך אין דער ליבער סביבה, האָט ער פֿונאַנדערגעצויגן זײַן באַריכט, צוגעגעבן פּרָטים, געזוכט צו באַפֿעסטיגן אַלצדינג דורך מַמָשות׳דיגע ראַיות. «און די סיבה פֿון דעם אַלעם», האָט ער געזאָגט, «איר וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געוואָלט גלייבן, פֿרוי וואָנדראַק — די סיבה פֿון דעם אַלעם איז אָט דער פּיטשינקער אײַזנ־באַן־בילעט, און מער גאָרנישט», און מיט א מין שטאָלץ, ווײַל איצט האָט זיך אים אויסגעוויזן, איז די אמת׳דיגקײַט פֿין זײַנע רייד אינגאַנצן דער־וויזן, האָט ער אַרויפֿגעלייגט אויפֿן טיש דעם בילעט קיין קוכעלבאַד, וואָס ער האָט פֿריער געקויפֿט.

«אײַ, אײַ, וואָס עס קאָן זיך פֿאַרלויפֿן אויף דער וועלט», האָט א זיפֿץ געטון פֿרוי וואָנדראַק, «נאָר איצט וועט איר נעמען עפּעס אין מויל אַרײַן, איאָ?»

ער האָט זיך שטאַרק אײַנגעשפּאַרט.

פֿריִך איז אַהיימגעקומען צו וועטשערע, פֿריער האָט ער גאָר דעם גאַסט ניט דערקענט. סוף־כּל־סוף האָט ער זיך דערמאָנט. «א, דער הער לויך», האָט ער אַרויסגערעדט קאַלטליך, אויפֿן קינדערשן שטייגער. און אין א ווײַלע אַרום: «וואָס האָט איר מיר געבראַכט צו פֿירן פֿון פּילזען?»

אין דערבײַיִאיגן צימער איז געוועזן געגרייט צום טיש, אַלץ ווי אַמאָל.

«דאָס איז פֿאַר אײַך» פֿרוי וואָנדראַק האָט אָנגעוויזן אויף זײַן פֿריערדיגן אָרט. ער האָט געגעסן א פּאָר ביסן, געטרונקען א ביסל ביר,

תיכף האָט זיך אים גענומען דרייען דער קאָפּ און ער האָט פאַרגעסן, וואו ער האַלט אין זיין דערציילונג. מיט קוועלנדיגע אויגן האָט ער זיך אַרומגעקוקט: «פּאָרט געווען שיינע שעה'ן. מיר דוכט זיך שטענדיג, אַז א שטיק פון מיר איז איבערגעבליבן אין דעם צימער.»

«נו, ווי אַזוי האָט איר זיך איינגעאָרדנט אין פּילזען? איר זייט צופרידן פונם עסן?»

«ס'וואָלט געמעגט זיין בעסער.»

זי האָט זיך צוגערוקט נעהענטער, געגעבן עצות, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קול האָט זי אים אויסגעזאָגט די סודות פון אַנדערע באַלעבאָסטעס, וואָס קויפן איין צוויי סאָרטן פּוטער און צוויי סאָרטן פליישׂ. ער דאַרף א ביסל מער אַכטונג געבן אויף זיין באַלעבאָסטע.

«און ווי אַזוי האָט איך אָפּגעגאָלטן?» געגנוג לאַנג איז די פראַגע אים געלעגן אויפן צונג. «שוין פאַרדונגען דער צימער?»

«יאָ, זייער גוט, איצט וואוינט דאָ אַן אַקטיאָר, א רייכער יונג, ניט פון יענע חברה, ווי דאָס רוב. בענאָ מיטיך רופט מען אים. אַזאַ אָרנטליכן, רואיגן שכן וועל איך א צווייטן אַזוי גיך ניט געפינען. איך האָב מזל, אויף נאמנות.»

פאַר לויכס אויגן איז אויפגעשטאַנען עפּעס א מין געפּאַנצערטער ריטער, וואָס פאַרשפּאַרט אים דעם וועג. דאַגאָבערט! ... ער האָט גענומען קלערן. אפשר איז א סבֿרא, ער זאָל חתונה האָבן מיט דער אַלטיטשקער?

ער האָט מער ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, זי האָט אָפּגעראַמט פון טיש ...

א פאַרמאַטערטער האָט ער זיך אַרומגעקוקט, באַרירט מיט פאַראומערטע בליקן דעם לאָמפּ, די געהאָפּטענע שפּאַניער־ווענטלעך, וואָס ביים אויוון, דאָס זילבערנע בעכערל, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט צווישן די זייכעלעך פונם שטייענדיגן שפּיגל. איצט, הייסט עס, באַדאַרף ער אויפשטיין און אַוועקגיין. וואואַהין? אפשר האָט ער שוין פאַרזאַמט דעם לעצטן צוג. ער האָט דייטליך דערזעהן פאַר זיך הונדערט אָנשיקענישן, צָרות, וואָס וועלן אויף אים אָנפאַלן, ווי נאָר ער וועט שטעלן א פוס אין גאַס. און דאָ איז אים געווען אַזוי זאַנפט, אַזוי זיכער ... זיינע בליקן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף א באַנד פונם זשורנאַל «אין א גוטער שעה», ער האָט גענומען דאָס בוך אין האַנט און געבלעטערט ווי

אַמאָל, באַקוקנדיג די גוט־באַקענטע בילדער. ער האָט אָנגעהויבן באַ־שיידן א קעסטל־רעטעניש, אַוועקגעוואָרפן דאָס, געהאַט ערפאָלג מיט עטליכע רעבוסן. אַלע דאגות האָבן זיך ערגעץ אָפּגערוקט, די געלבליכע בלעטער האָבן אַזוי פאַר׳חלומ׳ט געראַשט בײַם איבערבלעטערן... אַזוי איז פאַרבײַ א פערטל־שעה.

«און ווען פאָרט איר אַהיים?» האָט געפרעגט פרוי וואָנדראַק.

ס׳האָט אים געטראָפן ווי א מעסער. שטילערהייט האָט ער אָנגעהויבן, אַז ער האָט דאָך ניט קיין היים, אַז ער האָט כמעט קיין אָפּדאַך ניט, אַלע מענטשן קערן זיך אויס צו אים מיטן רוקן, אין ערגעץ געפינט ער ניט קיין גוטע־פרײַנד, וואָס זאָלן זיך גוט באַציען צו אים. ער האָט גענומען ריידן העכער און באַשולדיגט די גאַנצע וועלט, די אַכזריות׳דיגע וועלט, וואָס רעכנט זיך ניט מיט קיינעם, וואָס וויל פון אים ניט וויסן, ער האָט געזאָגט, אַז ער איז א פאַרשטויסענער, ער האָט געזידלט דעם די־רעקטאָר, פעכגאָלדן, וואָס האָט צוגע׳גנב׳עט בײַ אים זײַן ווירע, דעם באַנק, די אײַזנבאַנען. פאַרוואָס איז ניטאָ אויף דער גאַנצער וועלט, האָט ער געפרעגט, איין און איינציגע ריזן־שטאָט, ווי אַזוי קאָן דאָס געמאָלט זײַן, אַז מען ווערט פאַרוואָרפן פונם צענטער אין קלאָגעדיגע קליינשטעטלעך אַרײַן, אין וויסטע קליינשטעטלעך, וואָס טויגן אויף גאָרנישט. און ער וויל מער ניט אַוועק פון דאַנען, פאַר קיין שום פרײַז אין דער וועלט ניט.

«אפשר וואָלט איר מאָרגן אַוועק צום דירעקטאָר», האָט ער זיך געבעטן רחמים, «איך בעט אײַך, ליבע פרוי וואָנדראַק, אַיאָ, איר וועט מיר ניט אָפּזאָגן. איר גייט, הייסט עס, מאָרגן צום דירעקטאָר, און איר וועט אים זאָגן, אַז איר לאָזט מיך בשום אופן ניט אַוועק פון דאַנען, אַז איר דאַרפט מיך האָבן, אַז איר קאָנט זיך אָהן מיר ניט באַגיין, אַיאָ, איר וועט דאָס טון פון מײַנטוועגן...»

«עס נעמט זיך מיר דוכטן...» די פרוי האָט גענומען שמעקן זײַן פָּנים, «עס הערט זיך דאָך פון אײַך ביר, פע, וואָס טוט זיך מיט אײַך...»

די דערבײַיאיגע טיר האָט הויך א קלאַפּ געטון, פאַרמאַכנדיג זיך.

פריצל האָט צונויפגענומען זײַנע העפטן און געוואָלט אַוועקגיין, די גאַנצע צײַט איז ער געזעסן און געשריבן.

לויך האָט אים פאַרשפּאָרט דעם וועג: «וואוּאָהין? זעהט, העלפט מיר.»

«איך דאַרף לאָזן איבערקוקן מײַנע שול־אַרבעטן. ניין, לאָזט מיך אָפּ! פּעטער מיטיך איז אָקאָרשט געקומען צו גיין...»

«פּ ע ט ע ר מיטיך!» לויך איז אַרויס. ס׳האָט אים געשווינדלט אין די אויגן. זײַן בלוט האָט זיך א הייב געטון, געברומט אין די אויערן. ער האָט זיך געטרייסלט, אַראָפּגייענדיג פון טרעפּ, ס׳איז אים געווען, ווי א מעכטיגער געפּאַנצערטער ריטער וואָלט זיך יאָגן נאָך אים, מיט א פינקלענדיגער ווירע אין האַנט. א באַדינער אין דער ליוורעע פון באַנק האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג און מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, וואָס האָט געהאַלטן א בינטל פּאַפּירן, געוויזן דער פרוי וואָנדראַק דעם פילזענער קלויסטער־טורעם. דער גאַנצער מאַרקפּלאַץ האָט זיך באַוועגט, די אָנגעשטעלטע פון דער אָפּטיילונג האָבן פונאַנדערגערוקט די הײַזער און אויסגעמישט זיי, פון אַלע פענסטער האָבן היגט אויף אים געבולן, א קאַסירערקע פון וואָקזאַל האָט אים באַוואָרפן מיט מטבעות, די קוכעל־באַדער מיליטערישע קאַפּעליע האָט געבלאָזן אין קוימענס פון דאַמפשיפן אַרײַן, פון וועלכע ס׳האָבן געשטראָמט בלוי־וויאָלעטע בליצן...

* * *

א ווײַלע שפּעטער (אָדער אפשר זײַנען שוין אַוועק טעג?) איז ער געשטאַנען בײַם ברעג מאָלדאַווע. ווי א מאַגנעט האָט דאָס אים א צי געטון אין א מענטשן־קנויל אַרײַן. ער האָט קיין סך ניט געפרעגט. ער האָט באַלד געוואוסט אַלצדינג. דער ריח פון דער מאַי־נאַכט האָט דאָס אים צוגעטראָגן. א יינגל איז אַרויסגעפאַלן פון א שיפל און ווערט דערטרונקען אונטן אין טײַך. קיינער האָט ניט געקאָנט העלפן. אָדער לכל־הפּחות: קיינער האָט ניט געהאָלפן.

«א רעכט אויף א היים איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער», האָט לויך געמורמלט. «אויב איך שלעפּ דאָס איצט אַרויס, איז דאָס מײַנס אויף אַלעמאָל. דאַן טאָר מיך שוין קיינער ניט אַוועקשיקן פון פּראָג.»

ער האָט שוין אויסגעטון דעם ראָק און די שיך.

איז מען אָנגעפאַלן אויף אים: «ס׳איז דאָך א משוגעת.» אויסגעשרייען: «שוין לאַנג פאַרשפּעטיגט. דער בחור איז געוויס שוין לאַנג נאָך אַלעמען. צעהן מינוט, ווי ער איז אַראָפּ אונטערן וואַסער.»

«נאָר טאָמער קאָן ער שווימען» האָט עמיצער געשעפּטשעט.

לויך האָט א געשריי געטון, ווי ער האָט נאָך אויף זײַן לעבן ניט גע־שריען: «ער קאָן שווימען, יאָ, ער קאָן!» — און פּלוצלינג האָט לויך אים דערזעהן שווימענדיג, דאָרטן אויפן טײַך. מיט די לעצטע כּוחות האָט ער זיך, שווימענדיג, געוואָרפן אויף דער אַנדערער זײַט. אַן אומנאַטיר־ליכע שײַן האָט גערוט אויף אים, גלײַך א שטערן וואָלט דאָס אַראָפּ־געשיקט נאָר אויף דעם דאָזיגן פּונקט פון דער פינסטערער אייבערפלאַך פון דער ערד. העל האָט א לויכט געטון דאָס ווײַסע ייִנגלשע פּנים, און לויך האָט געוואוסט: «ער קוקט אויף מיר, ער זעהט מיך». און פּלוצלונג האָט א קלאַנג זיך דערטראָגן פון העט־ווײַט. דעם ייִנגלס מויל האָט זיך ווײַט אויפגעעפנט. אַלע האָבן דאָס געמוזט הערן, דער ברעג איז פאַר־טרייסלט געוואָרן, ווי פון די טענער פון א גלאָק.

«ער שרײַט», האָט לויך אויסגעשריען, «איר הערט, איר הערט».

מען האָט אים א שטופּ געגעבן און געלאַכט: «אַראָפּ פון זינען!»

נאָר לויך האָט דאָס געהערט גאַנץ דײַטליך. פריער איז דאָס נאָר גע־ווען א קלאָג־געשריי, א גוואַלד־געשריי. נאָר דערנאָך איז דאָס קלערער געוואָרן, און דאָס וואָרט, וואָס דאָס ייִנגל האָט געשריען, געקרעכצט, גע־זונגען, איז געווען: «דו».

דאָס ערשטע מאָל, זינט די עלטערן זײַנען געשטאָרבן, פון לאַנגע, לאַנגע יאָרן, האָט עמיצער געזאָגט צו אים «דו».

האָט זיך א גאָס געטון א נײַער געפיל אין דעם נעבעכדיגן אָנ־געשטעלטנס קערפּער אַרײַן, א געפיל, וואָס איז ביז איצטער געווען אַזוי ווײַט, אַז ער האָט אַפילו דעם ווײַטסטן רֶמז דערפון ניט געקענט... לויך האָט אין דער רֶגע ליב געהאַט דאָס פרעמדע ייִנגל, הייסע צערט־ליכקײַט, ענוות'דיגע איבערגעגעבנקײַט האָט ער געשפּירט. אַלע אַנדערע זאַכן האָט ער געהאַט פאַרגעסן. נאָר ראַטעווען דאָס ייִנגל — אָ, ווען ער זאָל אים קאָנען ראַטעווען, אויפהיטן זײַן יונג שיין לעבן!

ער איז אָפּגעטראָטן אויף א פינסטערן אָרט, כּדי קיינער זאָל אים ניט שטערן. און פון דאָרט האָט ער זיך אומבאַמערקטערהייט אַרונטערגעלאָזט, אויסגעטון ראָק און שיך, אין וואַסער אַרײַן.

א מאָדנע זאַך איז געשעהן. אין דערזעלביגער סעקונדע, ווען דער קערפּער פונם באַנק־אָנגעשטעלטן איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער און

פאַרזונקען געוואָרן, איז אויף דער אַנדערער זײַט טײַך אַרויסגעהויבן געוואָרן פון וואַסער און צוגעטראָגן געוואָרן צום ברעג פון א מאָלדאַוועינזל דער קערפּער פונם יינגל, ווי פון א גײַסטס האַנט געשטופּט. דאָרט האָט מען געפונען דאָס קינד און אים אָפּגעמינטערט. — דאָס יינגל איז אויסגעוואַקסן, און די פערטל שעה, וואָס ער איז געווען נאָהענט צום טויט, איז בײַ אים קלאָר פאַרבליבן אין זכּרון. און אָפט פלעגט ער דערציילן, אַז די פערטל שעה, וואָס ער איז געלעגן אָהן באַוואוסטזײַן, איז גאָרניט געווען אַזוי ניט־אָנגענעם. אמת, בייזע חלומות האָבן אים געקלעמט אין זײַן חלשות, נאָר גאָר צום סוף איז ער פּלוצלונג פאַרציטערט געוואָרן פון אַן אומגעהײַערן דימענטענעם שטראַל ליכט, וואָס האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין וואַסער. און בײַ דער דאָזיגער שײַן האָט זיך צו אים אָנגעבויגן א מלאך, פאַרזאָרגט, מיט א קנייטשיגן געזיכט, נאָר אומענדליך ווייך און מיט פליגלען, וואָס האָבן געשמעקט מיט א הימלשן ריח־נחוח. דער מלאך האָט אים אַרומגענומען מיט מאַכט, גלײַך ווי מיט בענקשאַפט, און צערטליך האַלזנדיג אים, האָט ער אים אַרויסגעטראָגן פון וואַסער אויף דער טריקעניש אַרויס.

איבערגעזעצט פונם כתב־יד:
מ. ווײַנרײַך.

עלזע לאַסקער־שילער

# דער וואונדער־רָב פון באַרסעלאָנע



אַמראַם

# גאָט הער . . .

אַרום מײַן אויג ציט די נאַכט זיך,
ווי אַ רינג, צוזאַמען.
מײַן פּולס פאַרוואַנדלט דאָס בלוט אין פלאַמען
און דאָך איז אַרום מיר אַלץ גרוי און קאַלט.

אָ, גאָט, בײַם לעבעדיגן טאָג
טרוים איך פון טויט.
אין וואַסער טרינק איך אים און ווערג אים אין מײַן ברויט.
און צו מײַן טרויער איז נישטאָ בײַ דיר קיין וואָג.

גאָט הער, אין דײַן געליבטן, בלויען פאַרב
האָב איך דאָס ליד געזונגען פון דײַן הימל-דאַך.
דאָך פאַר דײַן אייביגן אָטעם געוועזן בין איך צו וואַך.
פאַרשעמט איז מיר מײַן האַרץ פאַר זײַן פאַרצויגן וואונד.

וואו איז מײַן סוף, אָ גאָט, דען אין די שטערן,
אין דער לבנה זעה איך אין אַל דײַן פּרוכט פון טאָל.
דער רויטער ווײַן וועבט זיך שוין אויס אין שאָל,
און אומעדום די ביטערקײַט אין יעדן קערן.

# דער וואונדער־רב פון באַרסעלאָנע



און עס איז געווען אין די וואָכן, בשעת דער הייליגער רבי אליעזר איז געזעסן אין אַלט־אַזיע, פאַרטיפט אין פרומע רעיונות. אין יענער צײַט האָבן די תּושבים פון באַרסעלאָנע גענומען מיט גרויס פלײַס רודפ׳ן די יידן. ווידער זײַנען עס געווען די יידן, וואָס האָבן געשטערט דעם מסחר פון די שפּאַנישע סוחרים מיט צו הויכע מקחים, און אין דערזעלבער צײַט זיך גרויס געמאַכט צווישן דער אָרימער באַפעלקערונג פון דער שטאָט מיט דעם שטאָלצן פאַרלאַנג, די וועלט אויסצולייזן. פון אַלע זייטן האָבן זיך באַוויזן געשטאַלטן פון משיחים, וועלכע האָבן אומעדום פאַרשפּרייט די תּורה פון גלײַכהײַט און ברידערליכקײַט. און זיי האָבן זייער האַרץ אין זיך צעבראָכן און דערלאַנגט עס די אָרימע פון שטאָט, גלײַך ווי עס האָט אַמאָל ישוע הנוצרי געטיילט צווישן זיי דאָס ברויט פון זײַן בלויען האַרצן. דאָך, וואָס די יידן זאָלן נישט האָבן געטון, האָבן זיי אַלץ אַרויסגערופן אַ פאַרדרוס. און געשטאַמט האָט דער פאַרדרוס פון עפּעס אַן אָפּגעגאַרטן שפּאַניער, וואָס האָט ערגעץ געהאַט אַ סכסוך מיט אַ יידן. און אָט דעם דאָזיגן סכסוך האָט מען נאָכדעם קונציג אויסגענוצט צווישן המון און גע־וועקט די שנאה. און אין דעם יאָר האָט זיך אויך אומגעקערט דער הייליגער רבי אליעזר פון זײַן ווײַטער נסיעה צוריק אין באַרסעלאָנע. און אַרומגענומען מיט דעם פענסטערבויגן פון פּאַלאַץ, האָט זיך זײַן בכָּבוד׳יגער קאָפּ מיטן סודות׳דיגן הֲדרת־הפָּנים צוגענייגט יעדן דורכגייער, הן אַ יידן, הן אַ קריסט.

פון דעם הייליגן רבי אליעזר האָט מען זיך גע׳סוד׳עט אין דער גאַנצער שפּאַנישער שטאָט. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז ער איז דער גרויסער מלאך גבריאל, וואָס דעקט צו מיט אייביגן שניי פון זיין באָרד דעם ארון הגנוז מיט די כּרובים. די יידן אָבער איז ער קענטליכער געווען. אָפט־מאָל פלעגן זיי זעהן זייער רבי, דעם בעל־הנס, שמייכלענדיג. איינמאָל איז אים באַפאַלן אינמיטן דאַוונען פאַרן עמוד אַ הייליגע שמחה, און ער האָט גענומען פאַטשן מיט זיינע פיינע, לאַנגע הענט. און דערציילט האָט מען, אַז ער האָט דערזעהן דעם כּביָכול אַליין פָּנים אל פָּנים... און איז א קינד געוואָרן. און עס האָבן די אַלטע יידן געהאַט בירושה פון זייערע טאַטעס אויסגעקריצט אין לוח פון זייער האַרצן דעם טאָג, אין וועלכן אליעזר איז געבוירן געוואָרן. און אין דעם זיבטן טאָג פון חודש סיון פלעגן אַלט און יונג עולה־רגל זיין צום באַרג, אויף וועלכן עס איז גע־שטאַנען דער יידן־פּאַלאַץ. אין דעם דאָזיגן טאָג פלעגן זיי אים ברענגען פון די אַרומיגע וועלדער גרינע צווייגן, באַהאַנגען מיט זיסע און ביטערע יאַגדעס, דען אליעזר האָט זייער ליב געהאַט די דאָזיגע שמעקעדיגע קאָראַלן. מיט גרויס ליבשאַפט פלעגט ער איינאָטעמען אין זיך זייער ריח און דערנאָך זיך זעטיגן און דערפרישן מיט דעם ריינעם פלייש פון די דאָזיגע פשוט׳ע פירות. אַלע איבעריגע שפייזן פלעגט ער נאָכדעם לאָזן צעטיילן צווישן די נויטבאַדערפטיגע פון דער שטאָט.

אין דעם יאָר האָבן די יידן נישט געוואָלט מער באַהאַלטן פאַר זייער הייליגן צירונג די גרויסע ליידן זייערע, די ענוים קשים, וואָס דערוואַרטן זיי יעדעס יאָר, ווען ער פאַרלאָזט זיי און נייגט אָפּ זיין הייליגן פּנים פון דער שטאָט. און עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעמזעלבן פאַרנעפּלטן אָוונט ערגעץ אין אַ קעלער די איידלסטע, בכבוד׳יגסטע יידן פון דער שטאָט און באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון דער וועלט. איבערדריסיג איז זיי געוואָרן צו זיין צעזייט און צעשפּרייט אין אַלע עקן, צו זיין תּמיד דער צודאַט צום טייג פון דער וועלט, און בכדי צו פאַרזיסן זיין ביטערן ווידער־טעם זאָל אַ גאַנץ פאָלק דורך טויזנטער יאָרן פאַרטראָגן די גרעסטע דערנידערונגען. אַזוי האָבן דאַן די געפלאָגטע יידן געפילט זייער גורל. עס האָט גע־נומען וואַקסן אין זיי אַ טיפע בענקשאַפט צו דעם פאַרלוירענעם לאַנד, דאָס לאַנד, וואָס זיי האָבן אויך נאָר ווי אין אַרענדע געהאַלטן;

און עס האָט יעדער איינער פון זיי פֿײַערליך באַגאָסן מיט זײַנע טרערן דעם בייט פון די זכרונות; צו וועלכן ברעג אָבער זיי וועלן צושווימען, דאָס האָט זיי אַפילו דער הייליגער רבי אליעזר נישט געקאָנט מגלה זײַן. האָבן דאָך איניגע יונגע יידן געלאָזן וואָרצלען אין שפּאַניעס ערד, וועלכע כּישופֿ׳ט אַזוי מיט דעם פֿאַרשיכּורנדיגן ריח פֿון אירע רויזן. האָבן דאָך יידישע טעכטער מיט זייערע ירושלים־אויגן מיט ווייטאָג אויפֿגעוועקט דעם קריסט. אליעזר אָבער האָט דער פֿאַר׳דאגה׳טער קהילה איינס געענטפֿערט: «ווער עס טראָגט נישט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד אין זײַן האַרצן דער וועט עס קיינמאָל נישט דערגרייכן». און נאָך האָט ער זיי געזאָגט, אַז גאָט אַנטפּלעקט זיך אַלע מענטשן נאָר אין זייער אוראיידל־סטער מידה. און אַז מען האָט אים געפֿרעגט, ווי קאָן דאָס זײַן, וואָס אַזוי מיל באַשעפֿענישן זײַנען גאָטלאָז — אויף דעם האָט דער הייליגער רבי מיט אַ טיפֿן טרויער געזאָגט, אַז זייער ווייניג מענטשן קאָנען זײַן די גערטנער פֿון זייער גאָט און אָפּהיטן די טײַערסטע שפּראָצונגען פֿון זייער נשמה. נישטאָ קיין גרעסערער דלות אויף דער וועלט, ווי צו לאָזן פֿאַרדאַרן די הימלשע בליטן פֿון האַרצן.



און יעדעס מאָל, ווען אליעזר האָט אַרויסגעלאָזן פֿון מויל דעם הייליגן שם־המפורש, האָבן עס די יידן פֿאַרנומען פֿול מיט יִראה ביז דעם לעצטן טראָפּן פֿון זייער בלוט. און אויפֿגעשטאַנען זײַנען דאַן אַלע זייערע גוטע מעשים און מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָבן זיי חרטה געהאַט אויף אַלע זייערע זינד. בײַ די שפּאַניער אָבער זײַנען די אויערן געוווען פֿאַרשלאָסן פֿאַר דעם אויסלייזנדיגן קלאַנג, וואָס פֿלעגט צעראַצן די יידישע שלייפֿן, בכדי די וואונד צו באַנעצן מיט יענעם געטליכן טוי. און טיף פֿלעגט זײַן דער ריק, אַז בײַ אַנדערע האָט פֿון התעוררות אַרויסגעשפּריצט אַ טראָפּן בלוט. — און אין יענער צײַט האָט געלעבט צווישן די יידן פֿון באַרסע־

לאָנע א דיכטערין. זי איז געווען די טאָכטער פון זייער אַ פּאָרנעמען יידן מיטן נאָמען אַריאָן עלעוואַנטאָס, וועמען די שפּאַניער האָבן איבערגעגעבן צו בויען די העכסטע טורעמס פון זייערע שטעט. און בכדי זײַן בוי־אַרבעט זאָל נישט בלײַבן אָהן אַ יורש, האָט ער דערצויגן זײַן טאָכטער, ווי מען דערציט אַ זון. יעדן פרימאָרגן פלעגט אַמראַם אַרויפשטײַגן מיט איר פאָטער אויף די רושטאָוואַניעס פון די העכסטע נײַע בנינים. און אָפט האָט זיך איר געדוכט, אַז זי איז געווען בײַ גאָט צו גאַסט.

איינמאָל האָט זי מיט אירע אויגן באַטראַכט די אינעווייניגסטע הייל פון דעם גרויסן קופּל, וואָס איבערן יידן־פּאַלאַץ. דעם דאָזיגן קופּל האָט אַריאָן געבויט פאַר דאָס געלט פון די רײַכסטע יידן, וועלכע האָבן געוואָלט פון צעדערהאָלץ און גינגאָלד אויסוועלבן אַ מעכטיגן דאַך, וואָס זאָל שיר־מען זייער וואונדער־רבי פון אַלעס בייז. אַראָפּשטײַגנדיג אַזוי פון דער לייטער, וועלכע האָט געפירט פון דער נאָך נישט באַפּעסטיגטער קרוין, האָט זיך די קליינע אַמראַם אויסגעגליטשט און איז פון דער הייליגער גע־בײַדע אַראָפּגעפּאַלן אויף אַ זאַמדיגן בערגל. אויף דעם בערגל האָט זיך דאַן געשפּילט פּאַבלאָ, דעם בירגערמייסטערס זון. און דערזעהענדיג זי, האָט זיך אים געדוכט, אַז די בלייכע אַמראַם איז אַ מַלאך פון הימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון אַ וואָלקן. און קלערנדיג אַזוי, האָט ער זי מיט פאַרוואונדערונג אָנגעקוקט. פון דאַן אָן שמייכלט אַמראַם אין חלום יעדעס מאָל, ווען פּאַבלאָ טראַכט פון איר.

יעדע נאַכט הער איך די פּאַלמען־בלעטער רוישן
אונטער דײַנע פיס, פּאַבלאָ.

אָפט מוז איך וויינען
איבער דיר פון גליק —

דאַן וואַקסט אַ שמייכל שטיל
אויף דײַנע מידע ברעמען.

אָדער ס׳שטײַגט א זעלטן פרייד אין דיר:
שוואַרצע שטערן פון דײַן האַרץ.

תמיד׳ ווען דו גייסט פֿאַרביי דעם גאָרטן׳
דעם סוף דערזעהסטו פון דיין וועג׳ פֿאַבלאָ׳ —

עס איז מיין אייביגער ליבעס־געדאַנק׳
וואָס ציט צו דיר.

און פֿאַלן וועט אָפּט פונם הימל א שימער׳
ווייל ס׳זוכט דיך אין אָוונט מיין גאָלדענער זיפצן.

און נידערן באַלד וועט דער מאָנאַט פון שמאַכטן
איבער דיין שטאָלצער און איידעלער שטאָט.

אונטער דעם גאָרטנבוים העגנען׳
ווי וויינטרויבן בונטע׳ מחנות פון פייגל׳

און איך וואַרט פֿאַרצויבערט׳
פון טרוימען באַהאַנגען.

דו שטאָלצער איינגעבוירענער׳ פֿאַבלאָ׳
איך אָטעם פון דיין פנים פרעמדע ליבעס־קלאַנגען;

אין דיינע שלייפן וויל איך איינפּאַסן דעם שטערן פון מיין גליק׳
און אוועקרויבן פון מיר די לויכטנדיגע בליטן מיינע.

און איינמאָל האָט דער יונגער סעניאָר צופעליג דערזעהן גע׳כתיב׳עטע אותיות. זיין פֿאָטערס באַאַמטע האָבן אים אָפּלאַכנדיג דערקלערט׳ אַז דאָס איז דער כתב פון די פֿאַרביסענע און פֿאַר׳עקשנ׳טע יידן׳ וואָס באַלעסטיגן מיט העזה׳דיגע שריפטן זיין פֿאָטער׳ דעם אייבערשטן ראָטסהער. דעם בירגערמייסטערס זון האָט זיך אָבער זייער געוואָלט אָנקלאַפּן אין די טויערן פון רבי אליעזר׳ס פּאַלאַץ און פֿאַרטרויען אים זיינע געפילן פון יראת־הכבוד צו אים׳ ווי צו זיין פֿאָלק. ער האָט דאָס אָבער נישט געטון׳ ווייל ער האָט מורא געהאַט פֿאַר ריידערייען צווישן די לייט פון שטאָט און פֿאַר זיין פֿאָטערס צאָרן.

איינמאָל דאָך האָט ער זיך איבערגעטונערהייט באַהעפט צו אַ יידישן קאַראַוואַן, וואָס איז געקומען צום באַרג פון יידן־פּאַלאַץ. און לאַנג, לאַנג האָט ער נאָכדעם געפילט אין האַרצן די גוטע השפעה פון די הייליגע ברכות. די יידישע שול האָבן די שפּאַניער דערלויבט נאָר ביי באַגרענעצטע תּנאים: זי האָט געמוזט זיין פאַרשטעקט צווישן די הייזער פון זייער שטאָט, און געווען איז זי ביי זיי ווי אַ פרעמדער גליד, ווי א אומווערדיגער בנין אויף זייערע וועגן.

ערגעץ־וואו באַהאַלטן הינטער אַן אכסניא, וואו שפּאַנישע סטודענטן פלעגן אין די אייבערשטע זאַלן אומטאַנצן און ליאַרעמען, אָדער פעכטן זיך מיט די שווערדן, דאָרט אונטן אין אַ קעלער פלעגט זיך געפינען די געהיימניספולע יידישע שול. און עס פלעגט אָפטמאָל געשעהן, אַז די אויסגעלאַסענע סטודענטן־מחנה, צעהיצט פונם וויין, האָט פרייטאָג צו נאַכטס אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין די טיר פון דער שול. די פרויען הינטער די שטאַכעטן פלעגן שטיל ציטערן. דאַן האָט אַמראַם דערפילט, ווי אַ פרעמדע וואַנט וואָלט אויסגעוואַקסן צווישן איר און פּאַבלאָ, דעם בירגער־מייסטערס זון. די תּפילות אין די יידישע סדורים ווערן געלעזן פון דרויסן אויף אינעווייניג, און דעריבער מוזן פון יוגנט אָן די יידישע אויגן אַנדערש זיך ווענדן, ווי די אויגן פון אַלע איבעריגע פעלקער. אויגן, וואָס טרויען זיך נישט ביים ציל צו בלייבן; אויגן, וואָס באַהאַלטן זיך אין קונטרס פון ספר, וואָס אַנטלויפן תּמיד צוריק אין שפּאַלט פון בוך; «אויגן, וואָס גנב'ענען», אַזוי פלעגט זאָגן דער בירגערמייסטער צו זיין זון, וועלכער פלעגט דערביי בלייך ווערן. ווייל ער האָט אין דער צייט געקלערט וועגן דער סודות'דיגקייט פון דער שעה, ווען זיי זיינען נאָך קינדער געווען, און אַמראַם, «זיין כּלה», דער מלאך מיטן ליכט אין די אויגן, האָט אים איינמאָל דערציילט, אַז זי האָט דאָס שניידערל מיט איר קליינעם קינזשאַל דערשטאָכן און פאַרשאַרט אים אין זאַמד, פּונקט ווי משה רבּינו דעם מצרי, וואָס האָט דעם יידן אין שקלאַפן־יאָך געשלאָגן. שניידערל פלעגן די קינדער רופן א בייזיגן צוקערהענדלער מיט דינינקע פיסלעך, וועלכער האָט געהאַלטן א קרעמל לעבן דער שול. אויף דעם דאָזיגן שניידערל איז געווען אַ חשד, אַז ער טוט אָפּ מיאוס'ע זאַכן מיט די יידישע קינדער: ער פלעגט זיי שטילערהייט אַריינלייגן זיסיגקייטן אין

די קעשענעס און נאָכדעם זיי באַשולדיגן אין גנבה· שרעקנדיג זיי׳ אַז ער וועט אַלץ פאַר׳מסר׳ן פאַר די עלטערן׳ פלעגט ער די יאָמערנדיגע קינדער פאַרשלעפּן ערגעץ אין אַ קעלער־לאָך און אָפּטון מיט זיי אַלערליי נידע־ריגע מעשים·



און איינמאָל אין אַ טאָג איז פּלוצלונג שטיין געבליבן א גרויסער אָקרענט אין מיטן מאַרק· און נישט קיין מענטשן און נישט קיין אָקסן און נישט קיין פערד זיינען בכוח געווען אַרויסצושלעפּן פון שטאָט די דאָזיגע שיף׳ וועלכע האָט געשטערט דעם האַנדל פון מאַרק· די אויפ־געֶרעגטע שפּאַניער אָבער האָבן געראָטן זייער בירגערמייסטער׳ ער זאָל גיין פרעגן אַ עצה ביַי דעם אַלטן גבריאל׳ דעם פּישוף־מאַכער· און אַנ־געוויזן האָבן זיי אים דערביַי אויף דעם שימערירעדיגן יידן־פּאַלאַץ׳ וועלכער האָט מיט אַלע זיַינע פענסטער געשטראַלט און געפינקלט אַנט־קעגן דער זון· און ס׳האָבן די איידעלע לייט׳ די בירגער און אַרבעטער צוזאַמען מיט אַ סך יידן איבערגעשטאַרקט זייער פּחד און זיינען בראש מיט פּאַבלאָס פּאָטער׳ דעם געשעצטן בירגערמייסטער פון באַרסעלאָנע׳ שטיין געבליבן פאַר די טויערן פון דעם גאָלדענעם פּאַלאַץ· אין דער גליַיכער ציַיט אָבער זיינען געווען פאַרזאַמלט אַרום רבי אליעזר אַ קליינע בכבוד׳יגע געזעלשאַפט פון די יידישע עלטסטע· זיי זיינען נאָך פון פריערדיגן אָוונט געקומען מיט דעם באַשלוס מודיע צו זיַין דעם בעל־הנס זייערע אַנגסטן און בעטן אים׳ ער זאָל דאָס יאָר די שטאָט נישט פאַרלאָזן· הויך פון דעם געבענטשטן אָרט האָט מען געזעהן די גאַנצע שטאָט באַרסעלאָנע ליגנדיג אין טאָל שטיל און ליידיג פון מענטשן· נאָר דעם בירגער־מייסטערס גרויסער קודלאַטער הונט האָט זיך אומרואיג געיאָגט דורך די גאַסן פון דער שטאָט באַרסעלאָנע און כסדר אַרומגעשמעקט די גרויסע שיף׳ וואָס האָט איבערנאַכט פאַרנומען די בענקשאַפט פון צוויי טיפע מענטשן· און דאָרט ביַים אָפענעם רודער׳ אונטער די שטראַלן פון דער זון האָבן

זיך שטיל און זאָרגלאָז געשפּילט פּאַבלאָ, דעם בירגערמייסטערס זון, און אַמראַם, די יידישע דיכטערין. פּונקט ווי זיי האָבן זיך אַלס קינדער גע־פרייט פון יעדן איינפאַל דאָרט אויפן הייליגן בערגל, פאַר אליעזרס פּאַלאַץ, נאָכדעם ווי אַמראַם האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון לייטער. און שטראַלנדיג פון גרויס ליבשאַפט זיינען זיי אומבאַמערקט געבליבן הינטער די פליגל פון זעגל. און נאָר דער הונט איז געווען אַן עדות פון דעם, ווי דער אומגעהייערער ים־אָקרענט, געטראָגן פון ליבע, האָט זיך לייכט באַוועגט איבערן מאַרקפּלאַץ, דורכגעשוואומען די גאַסן פון דער שטאָט, וועלכע האָבן זיך אויסגעשפּרייט פאַר אים ווי פרומע אָרעמס און נאָכדעם ווי א יום־טוב׳דיגער חופּה־וואָגן פאַרשוואונדן דורכן טויער. אליעזר אָבער האָט זיך אָפּגעזאָגט אויפצונעמען דעם בירגערמייסטער מיט דעם עולם, וואָס האָט אים באַגלייט, ווייל, וואָס קאָן דען העלפן, האָט ער געטראַכט, מיט ש ל אָ פ י ג ע צו ריידן. אויך האָבן אים פיל עגמת־נפש אָנגעמאַכט די יידן, וועלכע האָבן זיך נישט אויפגעפירט ווי עס פּאַסט פאַר קינדער פון אַ אַלטן פאָלק. און נאָך שטאַרקער איז די זאָרג געוואָרן דורך די דער־ציילונגען פון די עלטסטע פון די יידן, וועלכע האָבן זיך אומבאַמערקט אַרויסגערוקט דורך א גאָרטנטירל פון הויכן פּאַלאַץ. אין דער דאָזיגער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם. אויפגערייצט דורך דעם אָפּזאָג פונם גרויסן בעל־נס האָבן זיך ענדליך די קריסטן דערפילט צו דעם באַ־רעכטיגט. — גבריאל, דער פאַלשער מלאך — האָבן די שפּאַניער ווילד געשריען און געהויבן זייערע פויסטן צום באַרג. ער, דער בייזער כּישוף־מאַכער, האָט דאָס אַרויסגעשלעפּט דעם אָקרענט פון זיין ים. און צו־געהאָלפן צו דעם כּישוף האָט נישט קיין אַנדערער, ווי אַריאָן עלעוואַנטאָס. ער האָט דעם יידן־פּאַלאַץ געבויט, ער קאָן אַלע זיינע ווינקעלעך, אַלע זיינע סודות, אַלע זיינע באַהאַלטענע שפּאַלטן און אַלע בייזע כּוחות, וואָס רוען דאָרט, אָט די רוחות, וואָס האָבן פאַרגליווערט פון שרעק די אָטעמס פון באַרסעלאָנער לייט. שוין אין ביבל האָט זיך דער שטן אויסבאַהאַלטן הינטער זיינע עבירות. מאַכט אַ סוף מיט אים! דער׳הרג׳עט אים, דעם אַלטן בעל־עבירה!!! און ס׳האָבן די צעטומלטע, אַבערגלויבישע קריסטן אויסגעשלאָגן אַלע פענסטער ביי זייער גוטן, לוסטיגן אַרכיטעקט, און פאַרגעסן האָבן זיי דאַן, אַז דער דאָזיגער אַריאָן

האָט טויזנטער אָרימע מענטשן פון באַרסעלאָנע געלאָזן וואוינען אין זייַנע גרויסע, נייַע בנינים. זיי האָבן אים דאָס מויל פאַרשטאָפט; און ער, אַ צעמישטער פון פלוצלונגען אומגליק זייַנעם, האָט געלאַכט, פונקט ווי אַמאָל אַלס קינד, ווען ס׳האָט אים אַ חבר געכאַפּט בייַם שפּיל פון גזלנים און זעלנער; ביז עס האָט זיך דערנעהנטערט דעם בירגערמייַסטערס ווייַב און אויפגעהעצט די באַשעמטע לייַט, זיי זאָלן טייטן דעם פאָטער פון דער טאָכטער, וועלכע האָט פאַרפירט איר זון. און מיט די אייגענע הענט האָט זי אַרויסגעריסן דאָס האַרץ פון דעם אומשולדיגן קרבן, און, ווי אַ בלוטיגן שטיין, עס צוגעוואָרפן צו די הינט פון גאַס. און אַלע יידן, וועלכע גאָטס נאָמען האָט כסדר אויפסנייַ אויפגעוועקט, זייַנען געלעגן צעריסענע און צעביסענע, די קעפּ אָפּגעטיילט פון די קערפּער, קינדערשע הענטלעך און פיסלעך, דאָס צאַרטסטע מענטשנבליעכץ האָבן זיך גע־וואַלגערט אויף די גאַסן, אויף וועלכע מען האָט די אָרימע ווי שעפּסן אַרומגעטריבן. די אָוונט־ווינטלעך נאָר, די זיסע ליגנער, וואָס האָבן גע־זונגען אַרום אליעזרס פּאַלאַץ, האָבן דאָרט פאַלשע, טרוימערישע מעשה׳־לעך געבראַכט: «אין די נעסטן זיצן רואיג דייַנע קינדער, אליעזר, און ציילן די טעג און די שָעה׳ן, וואָס שיידן זיי פון ארץ־ישראל, און ס׳האָפן פון זייד און פון פּערל די איידעלע טעכטער פון דוד קישנס פאַר דייַנע בענטשנדיגע הענט, אליעזר. באַלד קומט שוין דער פּסח, און ס׳באַקן די בעקער כשר׳ע מצות פאַר דייַן טיש, אָ הייליגער רבי». און ס׳האָט אליעזר געבלעטערט דעם הייליגן ספר־היצירה און געלעזן, ווי ס׳האָט פון אָנפאַנג גאָט, דער פאָטער, אויסגעקנאָטן פון ערד און וואַסער די וועלט, זייַן «חתונה־מן־חַלה», מיט אַלע גאָלדענע צודאַטן פון זייַן הימלשן בלוט. און ווי ער האָט נאָכדעם פון דעם גרויסן וועלטן־פורים אַרויסגענומען דעם מענטשן און פון מענטשן די פעלקער און פעלקערפעלקער און פעלקער־פעלקערפעלקער און נאָכדעם זיי אַלע פאַרבעטן צום גרויסן געמיינזאַמען מאָלצייַט. נאָהנט אָבער צו זייַן האַרצן האָט ער אַוועקגעזעצט די יידן, און ווייַל זיי זייַנען נאָך זיינס אַ מחשָבה תחילה די קלענסטע צווישן אַלע פעלקער, דעריבער האָט ער זיי מער געגומען אויף זייַנע אחריות, און זיי זייַנען אים צערטליכער און ליבער געוואָרן. און רבי אליעזר האָט ווייטער מיט תּהילות און תּשבָחות געזונגען: «הקָדוש בָרוך הוא, דער גוטער

פּאָטער, האָט אַרויסגעריסן אַ שטערן פון זיין קלייד, דערהויבן דאָס קינד איבער אַלע פעלקער צו זיך און אַריינגעזעצט דאָס ליכט אין זיין ברוינעם שטערן. און מיט דער דאָזיגער קליינער ליכט־פאַרמינערונג אין געטליכן לייב פונם וועלטהיטער האָט דער האַר געמאַכט די דערלויכטע יידן צו אַ פאָלק פון נביאים, כדי אים צו דינען אין יעדן לאַנד, אין יעדן פאָלק, אויף אַלע וועגן. אָמן. די גרויסע ברידערפעלקער האָט אָבער גאָט אָנ־שטאָט דאָס הייליגע ליכט געשענקט אַ היים אויף גרינע טעפּיכן פון דער צייטיגער ערד, אויף דער וויגעדיגער, דערפרישנדיגער רו פון די קלאָרע וואַסערן, אונטער דעם ריינעם ווינטער־שניי פון דער לופט, זיי זאָלן מיט פאַרשטאַנד אָפּהיטן די אָרדענונג צווישן איין מענטש און דעם צווייטן און צווישן די מענטשן פון די פעלקער איבער אַלע פעלקער פון דער מענטשהייט». און געטראַכט האָט ער פון משה׳ן, דעם הייליגן שׂר־הצבא, מיט בענקשאַפט דערמאָנט דעם נביא אליהו און ישעיה׳ן, און גענייגט זיך מיט יראת־הכבוד פאַר ישוע הנוצרי, וואָס האָט אַראָפּגענידערט פון די הימלשע בערג די וועלט איידעלער צו מאַכן. און צוגעמאַכט האָט דער גרויסער פּרוש דעם אַלטן פאַרגעלבטן ספר, וועמעס ווערטער עס זיינען אַנטשלאָפן געוואָרן אין די הערצער פון דעם גרעסטן טייל באַשעפענישן און אויך אין בלוט פון דעם פאָלק ישראל. און ליב האָט ער געהאַט זיינע מענטשן. נאָר אויף זייערע פראַגן וועגן אַ היים פלעגט ער תמיד ענטפערן מיט אַ אויסריייד. געצוואונגען צו פאַר־לאָזן די שטעט, אין וועלכע זיי זיינען פון אָנהייב אָן באַשטימט גע־ווען גאָטס וואָרט צו זייען, זיינען די יידישע געדאַנקען, וואָס זיינען נאָך וואַך געבליבן, אַנטרונען געוואָרן אין שויס פון זייער כהן־גדול. דעם סוד אָבער, אַז ארץ־ישראל איז נאָר דער שטערן־טורעם פון זייער היים, דאָס האָט דער בעל־הנס נישט געוואַגט צו דערמאָנען די מידע אויסדערוויילטע.



און געוועגדט האָבן זיך אליעזר׳ס אויגן צו באַרסעלאָנע — און פּלוצ־לונג, צעשפּאָלטן פון אַ שרעקנס־בליץ, האָבן זיי זיך צעווייגט. «גאָט, אמת, דאָס שיפל אויף די כוואַליעס פון ים האָט דערוועקט די יִראה פון דײַן נאָמען».



און אין גרויסער בענקשאַפט האָט דער נביא צום דריטן מאָל פּאַר זײַן לעבן אַרויסגעזאָגט דער שֵם־המפורש. און דורך דעם דערלייזנדיגן קלאַנג פון גאָטס נאָמען זײַנען אויפגעשטאַנען די טויטע פון די טויטע. דאָס זייַנען געווען די קריסטן און דורך זיי אַלע קריסטליכע פעלקער פון דער קריסטן־וועלט. דאָך נישט געגלויבט האָט ער די חרטה פון די ברידער־פעלקער און זייער התעוררות. געבויגן האָט אים די אַלמעכטיגקייט פון זײַן גרויסן האַר, ווי עס שטייט געשריבן:

# אֵין חֵקֶר לְדַרְכֵי ה׳

גאָטס וועגן זייַנען אומדערפאָרשליך . . . «תמיד, תמיד לאָזטו אומברענגען דײַן ליבלינג, כּדי צו וועקן מיטן הייליגן שופר פון דײַן נאָמען די קריסט־ליכע פעלקער, און דו באַלוינסט זיי פאַר זייערע שרעקליכע מעשים מיט דערלויכטונג.» און געוואַרט האָט אליעזר אין פאָרהויף פון פּאַלאַץ אויף גאָט, דעם געלעכצטן גאַסט. און ענדליך האָט דער פּאַרבאָרגענער אויס־געצויגן זײַן פּאָטערהאַנט צו דעם אומגעדולדיגן. אינמיטן אָבער פון דעם פייַערליכסטן זאַל האָט פּלוצלונג אליעזרס קניענדיגער און ציטערנ־דיגער באַדינער דערזעהן, ווי זײַן גרויסער הייליגער רבי נעמט אָן דעם פאַרקילטן שײַן פון דער לופט, ווי אַן אָקסן־קעמפּער אויף דער אַרענע דעם אָקס פאַר די הערנער — אַ רגע — און דער בעל־הנס איז בלוטנדיג געלעגן אויף די שטיין־אַראַבעסקן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער נאָך אין רעטעניש מלחמה געהאַלטן מיט גאָט, אַ חושך האָט אים פאַרהילט און

אָפּגעקערט האָט ער זיך פון אים. און ס'האָט אליעזר געטרייסלט די זײַלן פון זײַן הויז, ביז זיי זיינען, ווי אָרעמס, צערבראָכן געוואָרן. און אַראָפּ־געקייקלט האָט זיך דער דאַך אין שווערע שטיינשטיקער און צעשמעטערט די הײַזער אין די גאַסן. אַ אומגעהײַערער מַבּול פון שטיינער, ער, דער גרויסער בעל־הנס, אַ גאַנץ פּאָלק האָט זיך אַראָפּגעריסן פון הייליגן באַרג, אויף וועלכן דער צעברעקלטער מאָזאַאיק איז ווי אַ שימער געלעגן, און געפאַלן איז דער שטיינערנער האָגל אויף די קריסטן פון באַרסעלאָנע, וועלכע האָבן מיט גרויס חרטה דעם לעצטן פאַרפייניגטן יידן צו זײַן רו געבראַכט, און פאַרלאָשן האָט ער זייער דערלויכטונג און צעמאָלן זייערע לײַבער.

צום הימל־מאָלצייט וואָלקנווײַס געדעקט האָבן מלאָכים,
דאָס אומגעקערטע גרויסע האַרץ נעמט גאָט אַרויס פון שאַל,
צו פּרובן דעם געהייליגט־ווידערשפּעניגן מעטאַל.
עס האָט זיך אליעזר'ס האַרץ געריבן אָן א האַרץ
און אויפגעפלאַמט זײַן שטיין!
אָ, גיס צו אים אין קרוג אַריין, ירושָלַם, דײַן ווײַן
און לאָז אים יערן אָפּגעהיט בײַ דיר אין טיפן טאָל.

די שינוים לגבי דער דײַטשער אויסגאַבע זײַנען אַרײַנגעטראָגן פונם מחבר.
אויטאָריזירטע איבערזעצונג פון דוד איינהאָרן.

# מיניאַטורן

## I

## דער געלערנטער
### פון אָסקאַר ווײַלד

א פראַנצויזישער זשורנאַל האָט פאַרעפנטליכט א נאָך ניט באַקענטע מעשה׳לע פון אָסקאַר ווײַלד׳ן. א פּאַריזער פרײַנד זײַנער Lautorette האָט זי געהערט פון אים אין א באַר אין יאָר 1898, אַלזאָ אין דער צײַט ווען ווײַלד איז שוין דורכגעגאַנגען דעם גרויסן לײַדנס־וועג.

א באַרימטער געלערנטער האָט אַנטדעקט די זעלבשטענדיגע באַוועגונג. דאָס איז געווען א גרויסע וויסנשאַפטליכע נײַס. כדי דאָס באַקאַנט צו מאַכן, האָט ער צונויפגערופן די אַקאַדעמיקער, דעם פּאַרלאַמענט און דעם קיניג אויף א פײַערליכער זיצונג. ער האָט אָנגעזאָגט, אַז אויף א פלאַכן פּלאַץ וועט זיך א גרויסער קויל אָהן וועלכן עס איז טרײַבנדיגן כח אַליין באַוועגן און קײַקלען. אויף מאָרגן, אײדער די זיצונג האָט באַדאַרפט פאָרקומען, איז דער געלערנטער געוואָרן זייער אויפגערעגט. טאָמער האָט ער זיך אין אַלע זײַנע רעכענונגען טועה געווען? דאַן איז א סוף צו זײַן באַרימטקײַט. בײַ די דאָזיגע מחשבות איז גראָד פאַרבײַ אים געגאַנגען א קליין יינגל. ער האָט אים צוגערופן: «דו האָסט דאָך מסתמא ליב צוקערפלעצלעך, אמת, און אפשר נאָך אנדערע שפּילכעלעך און זיסע זאַכן? אויב דו ווילסט דאָס אַלץ האָבן, גיי אַוועק קורץ פאַר דרײַ א זייגער אין שטאָטפּאַרק, וואו דו וועסט געפינען א גרויסן קויל. ער איז פּוסט, דו וועסט דורך דער לאָך, וואָס געפינט זיך אויבן, אַרײַן און

וועסט דאָרט בלײַבן נישט רירנדיג זיך, ביז איך וועל קומען מיט נאָך אַנדערע מענער. דאַן וועל איך שטיל אָבער דײַטליך זאָגן: „קויל, קייקל זיך", און דאַן מוזטו זיך באַוועגן, כּדי דער קויל זאָל זיך קייקלען. האָסט פאַרשטאַנען?» «יאָ, הער.» צו דער אָפּגערעדטער צײַט האָבן זיך אויפ־געקליבן די אַקאַדעמיקער, דער פּאַרלאַמענט און דער קיניג, וואָרים די נאַציע פון דעם געלערנטן האָט זיך געפרייט אויף זײַן כּבוד. און — דער קויל האָט זיך געקייקלט. מען האָט געפּאַטשט בראַוואָ, מען האָט געשריען פאַר גרויס וואונדער. דער געלערנטער האָט אָבער געוויינט, און וויינענ־דיג האָט ער געזאָגט: «זייט מיר מוחל, אָבער מײַן וויסנשאַפטליכער גע־וויסן איז שטאַרקער איידער מײַן גאווה פון א געלערנטן. איך האָב אײַך אָפּגענאַרט. איך ווייס באמת נישט, צי איך האָב די זעלבשטענדיגע באַ־וועגונג געפונען... יאָ, דער קויל האָט זיך געקייקלט, אָבער א קינד איז דאָרט אינעווייניג געווען.» עס האָט זיך אויפגעהויבן א טומל, עס האָבן זיך געשאָטן קללות און זידלערײַען. «דו האָסט צו שפּאָט געמאַכט די וויסנשאַפט פון אונזער לאַנד, דו אָפּנאַרער איינער», האָט אויסגערופן אין צאָרן דער קיניג, «דו וועסט דעם רעשט פון דײַנע טעג פאַרברענגען אין תּפיסה! שומרים, אַרעסטירט אָט דעם מאַן!»

ווען דער געלערנטער איז אונטער די זידלערײַען פון עולם טרויעריג געגאַנגען צו דער תּפיסה, האָט ער אָנגעטראָפן אויף א גאַס גרופּעס שפּילנדיגע קינדער. א קינד איז אַרויס פון א גרופּע און צו־געגאַנגען צום געלערנטן: «הער, איך בין דאָס קליינע ייִנגל פון הײַנט אין דער פרי, איר ווייסט שוין, זייט מיר מוחל, חברים האָבן מיך פאַרהאַלטן אין שפּילן, און דערפאַר בין איך אין דעם פּאַרק נישט געגאַנגען און בין נישט אַרײַנגעקראָכן אין קויל. זײַט נישט בייז אויף מיר, ווען איר זאָלט וויסן, ווי פריילעך עס איז געווען דאָס שפּילן. איך האָף, אַז איר וועט מיר פונדעסטוועגן געבן די זיסע זאַכן.»

דער געלערנטער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. ער האָט געגלעט דאָס ייִנגל איבער די בעקלעך, געגעבן אים א גילדערנע מטבע, און אָהן ווער־טער, מיט שטאָלצע טריט, איז ער געגאַנגען צו דער תּפיסה.

## II
# סאָקראַטעס
## פון א. סטרינדבערג

פון סטרינדבערגס בוך «היסטאָרישע מיניאַטורן»,
קאַפּיטל «דער האַלב־קרייז פון אַטען».

סאָקראַטעס איז סוף כּל סוף געזעסן אין תּפיסה, אָנגעקלאָגט אַלס פאַר־פירער פון דער יוגנד און לעסטערער, אַפּלייקענער פון די מלוכה־געטער. צווישן די אָנקלעגער זײַנען געווען אָנגעוויזן: א יונגער, שלעכטער דיכטער מעליטאָס, דער גאַרבער אַניטאָס און דער רעדנער ליקאָן.

סאָקראַטעס האָט געהאַלטן זײַן פאַרטיידיגונגס־רעדע און ערקלערט, אַז ער האָט שטענדיג אין גאָט געגלויבט, און דער שטימע פון זײַן געוויסן, אין דעם דאַימאָניאָן. ער איז צום סם־בעכער פאַר׳משפּט געוואָרן, און מען האָט אים דערווייל אין תּפיסה געהאַלטן, וואו ער האָט דאָך געקאָנט זעהן זײַן פרוי און די עטליכע פאַרבליבענע פרײַנד זײַנע.

איצט איז געוועזן די פרוי און האָט געוויינט.

«וויין נישט», זאָגט סאָקראַטעס, «דו ביזט נישט שולדיג».

«ווילסט נישט זעהן די קינדער?»

«צוליב וואָס זאָל איך צערייסן זייערע קליינע הערצער דורך אַן אומ־ניצליכן זעגענען זיך? גיי דו צו די קינדער און טרייסט זיי! פאַרווײַל זיי מיט א שפּאַציר אין די וועלדער».

«זאָלן מיר זיך פרייען אין דער צײַט ווען דו שטאַרבסט?»

«פרייט זיך, וואָס מײַנע ליידן נעמען א סוף, וואָס איך שטאַרב אין כּבוד».

«האָסטו נישט א לעצטן פאַרלאַנג?»

«גאָר נישט פאַרלאַנג איך! דאָך, שלום, פרײַהײַט פון אייערע נאַרישע טרערן און זיפצן, פון אײַער קלאָגן, וואָס שטערט. גיי, פרוי, און טראַכט, אַז סאָקראַטעס וויל שלאָפן, וואָרים ער איז מיד, פאַרמאַטערט; טראַכט, אַז ער איז ווידער אויפגעוואַכט און איז אויסגערוט, יינגער, פרייליך און צוגעלאָזט.»

«הלוואי וואָלסטו מיך דאָס אַלץ פריער געלערנט; פון מיר האָסטו נישט געהאַט וואָס צו לערנען.»

«זאָג דאָס ניט, פון דיר האָב איך געלערנט געדולד און זיך באַהערשן.»

«ביזט מיר מוחל?»

«דאָס קאָן איך נישט! ווארים איך האָב דאָס שוין געטון... זאָג מיר איצט ,זיי געזונט', פונקט ווי איך וואָלט זיך ערגעץ וואוהין געקליבן צו פאָרן. זאָג: אויף ווידערזעהן, פונקט ווי איך וואָלט זיך באַלד באַדאַרפט אומקערן צוריק.»

«טאָ זיי זשע געזונט, סאָקראַטעס, און זיי נישט בייז אויף מיר.»

«ניין, איך בין צו דיר זייער גוט.»

«זיי געזונט, מיין מאַן, אויף אייביג!»

«נישט אויף אייביג! דו פאַרלאַנגסט דאָך מיך ווידער צו זעהן. מאַך א פרייליך פנים און זאָג: אויף ווידערזעהן!»

«אויף ווידערזעהן!»

«אַזוי אַט... און אַז מיר וועלן זיך ווידערזעהן, גייען מיר דאַן אינאיינעם מיט די קינדער אין די וועלדער!»

«סאָקראַטעס איז נישט אַזאַ געווען, ווי איך האָב געגלויבט.»

«גיי, איך וויל שלאָפן.»

און זי איז אַוועק; ביי דער טיר אָבער האָט זי באַגעגנט פלאַטאָנ'ען און קריטאָנ'ען.

«די שעה איז נאָהענט, מיינע פריינד!» האָט סאָקראַטעס געזאָגט מיד און מיט ברענענדיגע בליקן.

«ביזט רואיג, מייסטער?»

«דער רעכטער אמת: איך בין גאַנץ רואיג, איך וויל נישט זאָגן פרייליך, אָבער מיין געוויסן באַאומרואיגט מיך נישט.»

«ווען, סאָקראַטעס, ווען... זאָל עס געשעהן?»

«דו מיינסט, ווען עס זאָל געשעהן דאָס לעצטע? פלאַטאָן, מיין בעסטער, מיין ליבסטער... עס איילט... איך האָב אָקערשט א דרעמל געטון... איך בין געווען אויף יענער זייט טייך: אין איין אויגנבליק האָב איך געזעהן די אורבילדער פון דער אומפאַרגלייכליכער שיינקייט, פון וועלכער די זאַכן זיינען נאָר טונקעלע אָפּשפּיגלונגען. איך האָב געזעהן די צוקונפט, די מזלות פון מענטשליכע דורות; איך האָב צו דעם מעכטיגן, הויכן, ריינעם גערעדט; איך האָב זיך באַקענט מיט דער קלוגער

אָרדענונג, וואָס פירט די כּלומרשט גרויסע אומאָרדענונג. איך האָב גע־ציטערט וועגן דעם ניט אויסגעפּאָרשטן סוד פון דעם וועלטאַל, וואָס איך האָב נאָר דורך א השערה באַנומען; און איך האָב תּופס געווען די גאַנצע ווײַטקײַט פון מײַן נישט־וויסן. פלאַטאָן, דו זאָלסט וועגן דעם שרײַבן! דו זאָלסט לערנען די מענטשן אָנצוקוקן די זאַכן מיט א געוויסן ביטול, מיט אָפּשײַ אויפבליקן צו דעם, וואָס מען זעהט ניט, אַכפּערן די שיינקײַט, מערן די מידות־טובות און האָפן אויף גאולה אין דער צײַט פון אַרבעט אין פליכטן און פרישות.»

ער איז געגאַנגען צום בעט און זיך אַנידערגעלייגט.

פלאַטאָן האָט צו אים געזאָגט: «ביזט קראַנק, מייסטער?»

«ניין, איך בין געווען קראַנק, אָבער איצט ווער איך געזונט.»

«האָסטו שוין ...?»

«איך האָב שוין דעם בעכער אויסגעטרונקען!»

«דער קליגסטער גייט פון אונז אוועק.»

«קיין שטערבליכער פאַרמאָגט ניט די חכמה, אָבער איך דאַנק די געטער, וואָס האָבן מיר געגעבן בושה און גערעכטיגקײַטס־געפיל.» —

עס איז שטיל געוואָרן אין צימער.

סאָקראַטעס איז טויט.

## III

# קאָנפוציוס שטאַרבט

## פון יוסף פּאָפּער־לינקעאוס

פון דעם בוך פון פּאָפּער־לינקעאוס
«די פאַנטאַזיעס פון א רעאַליסט».

דרײַ און זיבעציג מאָל איז דער בײַט פון דעם יאָרס צײַטן אין דער פוסטקײַט אײַנגעזונקען, זינט די וועלט האָט דאָס אויפשטײַגן פונם ליכט פון קונג־טזע געזעהן; פינף מאָל, זינט קונג־פו־טזע איז פון די צעהן טויזענט לעבנס־טומלען אַנטלאָפן אין דעם דאָרף קעוש. א קליין ייִנגל פון דעם דאָרף קעוש — דאָס זיינען געווען זײַנע הויפּלײַט; ער האָט אים באַדינט און די געסט געמעלדט.

דאָס ייִנגל אויס קעוש זאָגט דעם מייסטער, אַז זײַנע דרײַ און זיבעציג תּלמידים וואַרטן אויף אים אין דרויסן. עס איז געווען דער יום־טוב

טאַ־טשאַ; קונג־טזע, אָנגעשפּאַרט אויף זײַן שטעקן, איז געגאַנגען מיט זײַנע דרײַ און זיבעציק תּלמידים צו דעם נאָהענטן בערגל און צוגעקוקט פון דאָרט די שמחות פון די דאָרפסלײַט, וועלכע האָבן אונטן אין טאָל געטאַנצט, געזונגען, געגעסן און געטרונקען.

קונג־פו־טזע איז געזעסן אויף זײַן שטיין.

קונג־פו־טזע זאָגט: «איך פריי זיך באמת צו זעהן אָט די גוטע מענטשן אַזוי פריילעך; זיי פאַרגעסן זייער עלנט און פילן זיך איין רגע גליקליך; מיינט איר ניט אויך אַזוי?»

טזע־קונג זאָגט: «איך טראַכט, אַז זיי וואָלטן בעסער געטון, ווען זיי וואָלטן זיך ניט איבערגעגעבן אָט דער ניט־אָנשטענדיגער לוסטיגקײַט. איך קאָן ניט געבן מײַן הסכם צו אָט דעם זינגען, טאַנצן, עסן און טרינקען.»

קונג־טזע ענטפערט: «פאַרגין זיי אָט די קליינע זיסקײַט פון איין אײַנ־גערעדטן גליקליכן טאָג. א שטענדיגע אַרבעט אָהן הפסקה נעמט צו גאָר די קראַפט בײַם גוף און בײַ דער נשמה.

עס איז גוט, וואָס דער דאָרפס־מענטש שטעלט ווידער אויף זײַנע כוחות נאָך הונדערט טעג שווערער אַרבעט דורך דעם, וואָס ער גיט זיך איבער דער פרייד, און דאָ מוז מען מער נאָכגעבן, ווי שטרענג זײַן».

עס האָט געהערשט א טיפע שטילקײַט אַרום קונג־טזע, ער האָט גע־זיפצט און אָנגעהויבן מיט א שוואַכער שטים:

«דער גרויסער באַרג מוז זיך פונאַנדערפאַלן,
דער שטאַרקער בוים מוז צעבראָכן ווערן,
און דער מאַן פון חכמה פאַרגייט, ווי די פלאַנצונג פאַרגייט.»

די תּלמידים האָבן אָט די ווערטער געהערט און זיינען טיף טרויעריג געוואָרן.

טזע־קונג זאָגט צום מייסטער: «ווען דער גרויסער באַרג צעפאַלט זיך, צו וועמען זאָלן מיר דאַן אויפבליקן? ווען דער שטאַרקער בוים ווערט צעבראָכן און דער מאַן פון חכמה פאַרגייט, אויף וועמען זאָלן מיר זיך דאַן שטיצן? מיר האָבן מורא, אַז דער מייסטער הייבט זיך אָן צו פילן קראַנק.»

קונג־טזע זאָגט:

«מײַן װײַב און מײַן טאָכטער זײַנען אַװעק׳
מײַן זון לי איז טויט׳
מײַן תּלמיד טזו־לו איז טויט׳
מײַן תּלמיד יען־האָע׳ דער גוטער יען־האָע איז טויט.
עס שטייט ניט אויף קיין פֿאַרשטאַנדיקער הערשער׳
קיין פֿירשט איז מקרב מײַן לערע.
מײַן צײַט איז געקומען׳ איך מוז שטאַרבן.

איך האָב גאַנצע טעג אָהן שפּייז׳ גאַנצע נעכט אָהן שלאָף אין מחשבות פֿאַרבראַכט; איך בין געװען א מענטש׳ װעלכער האָט אומפֿאַרמאַטערליך געזוכט דעם רעכטן װעג׳ װאָס אין זײַן התמדה קענטשאַפּט צו געװינען און אין זײַן פֿרייד חכמה צו באַקומען האָט ער יעדן װייטאָג פֿאַרגעסן; און איך האָב דעריבער ניט באַמערקט׳ אַז איך בין דערװײַל אַלט געװאָרן.

טונקעלע רייד צו ריידן און מופֿתים צו װײַזן׳ כּדי די שפּעטערדיקע דורות זאָלן דערציילן׳ דאָס האָב איך ניט געקאָנט. װאָס נוצט עס׳ װען דער מאַן פֿון חכמה האָט ליב דאָס לערנען און די מידות־טובֿות? שטאַרבן מוז ער פֿונדעסטװעגן׳ דער מאַן פֿון חכמה באַרואיקט זיך בײַ דעם׳ הגם ער װייס׳ אַז סוף כּל סוף שװינדן זײַנע גלידער.

איך מוז שטאַרבן׳ די צײַט איז געקומען׳ איך מוז שטאַרבן.»

פֿון דעם זײַנען די תּלמידים זײַנע געװאָרן זייער באַטריבט. זיבן טעג שפּעטער זײַנען זיי נאָך פֿיל מער באַטריבט געװאָרן. און נאָך װײַטער־דיקע נײַן טעג האָבן זיי אים דעם רײַז אין דעם מויל געגעבן׳ דאָס הויף־קלייד אויף זײַן לײַב און דעם מלכות־הוט אויף זײַן קאָפּ.

דער אָרון איז געװען אָנגעגרייט׳ פֿיר צאָל דיק זײַנע װענט׳ קיינער האָט בײַ זיך ניט געקאָנט פּועל זײַן דעם מייסטער אָנצורירן; זיי זײַנען אַלע אַרום געשטאַנען׳ די אויגן פֿול מיט טרערן׳ אַזוי אַז זיי האָבן אים ניט געקאָנט זעהן.

דאַן האָט טזו־קונג געזאָגט: «איך האָב געזעהן חכמים שטאַרבנדיק׳ אָבער נאָך קיינמאָל ניט אַזאַ הייליקן׳ װי דעם מייסטער.

זינט איך גיי אים נאָך׳ באַטראַכט איך אים.

קיינמאָל האָט ער ניט פאַרלאָזן דעם רעכטן וועג, אין קיינער פון זיינע באַוועגונגען האָט ער ניט איבערגעטראָטן די הומאַניטעט; ער האָט געערט דאָס רעכט און הויך געהאַלטן די טוגנד.»

דאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט די שטים ביי טזע־קונג, און עס האָט גערעדט טזע־יו:

«לויטער און איינפאַך, האָט ער דאָס מעסיגע ליב געהאַט.

האָט ער פאַרנומען וואָסער עס איז שטעלע און הכנסה געהאַט, האָט ער קיינמאָל ניט אָנגעקליבן קיין עשירות. האָט ער ניט געשטימט מיט דעם פירשט, איז ער דאַן פון זיין שטעלע צוריקגעטרעטן.

און האָט ער זיך פון זיין שטעלע אָפּגעזאָגט, האָט ער אויף דעם קיינמאָל ניט חרטה געהאַט.»

ווייל ביי טזע־יו איז די שטימע פאַרגאַנגען פון וויינען, האָט יען־יעאו געזאָגט:

«איז ער פאַרביי־געגאַנגען, האָט מען אים ניט געזעהן.

ביים באַגעגענען האָט מען אים ניט געהערט. זיין וואונטש איז נאָר געווען, אַלטע און הילפלאָזע באַקוועמליכקייטן צו פאַרשאַפן, טריי זיין קעגן די פריינד און ליב האָבן די יוגנד.»

יען־יעאו האָט געשטיקט די שטימע פון שלוכצן, און טזענג־טזע האָט אָנגעהויבן:

«ווען ער האָט פון א מענטשן גוטס געזעהן, האָט ער אים פאַרגעסן הונדערט חסרונות.

האָט ער געזעהן, אַז א מענטש האָט א מעלה, איז עס געווען, פונקט ווי ער האָט עס אַליין געהאַט. האָט דער מייסטער געהערט עפּעס גוטס, האָט ער דאָס באַלד אַליין נאָכגעטון און האָט געלערנט די אַנדערע דאָס זעלביגע צו טון.»

דאַן האָט טזע־טשאַנג גערעדט:

«זיינע קרובים און פריינד האָבן אים געוואָלט אָפּהאַלטן פון פאַרנאַכלעסיגן זיין פאַרמעגן און פון אָפּגעבן זיך צו די מענטשן; ער האָט צו זיי געזאָגט: „איר זייט זיך אומזיסט מטריח מיינע אידעען איבערצומאַכן, איך וועל זיי ביז דעם לעצטן ציל פאַרפאָלגן: איך האַלט, אַז איך געהער צו אַלע מענטשן אָהן אונטערשייד, ווייל איך זעה אַלע מענטשן אַלס

איין און דיזעלבע פאַמיליע, ווען איך בין באַרופן צו לערנען. הערט אויף מיט אייער ווידערשטאַנד, איר וועט מיט מיר גאָר ניט אויספירן; איך ווייס צוליב וואָס איך מאַך מיך פריינדליך׳ . . . אָט אַזאַ איז געווען אונזער מײַסטער.»

טזע־טשאַנג איז פאַרגאַנגען די שטים פון וויינען, און טזע־קיען האָט גערעדט:

«זײַן ווײַב האָט ניט געהאַט קיין בונט־געהאָפטענע קליידער, זײַן וואָגן־שפּאַן איז געווען אָהן באַפּוצונגען, ער האָט קיין פײַנעם רײַז ניט געגעסן.

האָט דער ריכטיגער פּרינציפּ געהערשט אין דער מלוכה, האָט ער זיך געפרייט דאַן מיט זײַן פאַרוואַלטונג; האָט ער ניט געהערשט, דאַן איז ער געווען באַטריבט וועגן דער מלוכה און האָט זיך מיט זיך אַליין געפרייט.

צווישן די מלוכות טשין אין טשעי האָט ער פאַרבראַכט זיבן טעג אָהן קאָרן און פלייש, די תּלמידים האָבן געהאַט פאַרהונגערטע פּנים׳ער און זיינען געווען אָהן מוט; אָבער דער מייסטער האָט געשפּילט אויף דער האַרפּע און געזונגען . . . , אָט אַזאַ איז געווען דער מײַסטער.»

דאַ איז טזע־קיען שטיל געוואָרן, און ס׳האָט טשונג־קונג גערעדט:

«די פירשטן האָבן אים ניט געוואָלט הערן און האָבן אים פאַרשטויסן; ער האָט אַרומגעבלאָנדזשעט, אויף דעם וועג פון לאָ נאָך וואַי האָט אים באַפאַלן א טרויעריגקײַט, דאַן האָט ער געזונגען די ווערזן:

דער שטורעמווינט הײַלט דורך דעם טאָל, געדיכטער רעגן
פאַלט אַנידער,
די יונגע כלה גייט צו איר היים,
דאָס פריילירכע פאָלק בײַ איר זײַט,
איך אָבער ווער אַרומגעטריבן, דורך די לענדער בלאָנדזשעט
מײַן וועג,
קיין וואוינאָרט איז מיר ניט זיכער!
פינסטער, פינסטער איז דער גײַסט פון די מענטשן,
אומזיסט טרעט דאָס ווערטפולע אין זייער געזיכטקרײַז
און דער סוף פון מײַנע יאָרן קומט אָן,
די הויכע עלטער, די טרייסטלאָזע און עלנטע, ערשײַנט
פאַר מיר.»

טשונג־קונג האָט דערביי אַזוי שטאַרק געוויינט, אַז ער האָט ניט גע־קאָנט ווייטער ריידן, און עס האָט אָנגעהויבן יען־קונג:

«ביי זיין זעכציגסטן יאָר האָט מען אים געוואָלט נעמען דאָס לעבן, אין טשינג איז ער געשטאַנען — אַנטלאָפן פון די מערדער — אַליין אונטער דעם מזרח־טויער פון דער פאָרשטאָט, ביז טזע־קונג האָט אים דאָרט געפונען!

פון איין און זעכציגסטן יאָר אָן האָט ער געלעבט אין קעוש; אין פריי־לינג אין א באַהעלטעניש פון דער פלאַנצונג קאַ, זומער צוריקגעצויגן אין א געצעלט, אום האַרבסט אָהן לופט, אום ווינטער אָהן א מיגליכקייט צו קאָכן.

געטראַנק און שפּייז האָט מען אים ניט געבראַכט ווי א העכערן מענטשן; א קראַנקער איז ער אַרומגעקראָכן אויף זיין שטרויענעם גע־לעגער, און ווען זיינע תלמידים האָבן אים באַזוכט, האָט ער זיי געעפנט און געזאָגט: «פאַרוואָס קומט איר אַזוי שפּעט?»

יען־קונג האָט געשלוכצט און ניט געקאָנט ווייטער ריידן, דאַן האָט טזעאו־קאָאָ אויסגערופן: «מייסטער, דו פלעגסט זאָגן, אַז ביי גוטע מענטשן פאַרברענגען איז אַזוי ווי אַריינצוטרעטן אין א הויז פול מיט בלומען, ניט לאַנג באַמערקט מען זייער ריח, און דאָך מאַכן זיי אין אונז אַן ענדערונג. מיר קליינע מענטשן זיינען דיר נאָכגעגאַנגען, און דו העכערער מענטש האָסט אונז איבערגעאַנדערשט! דיין דופט דערגרייכט ביז די פינף הייליגע בערג, ביז די פיר ימ׳ען דערגרייכט דיין לערע, און די פעלקער פון דער וועלט וועלן דיר פאָלגן.

מייסטער, דיינע קינדער זיינען דאָ אַרום דיר פאַרזאַמעלט; רייד מיט אונז, מיר בעטן דיך, טאַדל אונז נאָך!»

דער מייסטער רירט זיך ניט!

«מייסטער, זאָלן מיר אין דיין געגנוואַרט ריידן און דו זאָלסט שווייגן? זאָל דער העכערער מענטש שווייגן און דער נידעריגערער ריידן? זעהט אים אָן, זעהט טשונג־ני! דעם מייסטער! ער רירט זיך נישט!

פאַרוואָס האָסטו געוויינט בעת דיין געליבטער יען־האָע איז גע־שטאָרבן? ווען מיר האָבן דיר דאָס אויפגעוואָרפן, האָסטו דאַן געזאָגט: ווען איך זאָל איבער אַזאַ מענטשן ניט וויינען, טאָ וועמען זאָל איך דאַן באַוויינען?

וואָס זאָלן מיר, דערהויבענער לערער, טון, כדי דיך לויט דײַן ווערט נאָך צו באַטרויערן? קוקט אָן דעם מייסטער, ער שווייגט!»

דאָ האָט טזעאו־קאַאָ אויסגעבראָכן אין א געוויין און אַלע תלמידים מיט אים.

דער אָרון איז נאָך אַלץ געשטאַנען ליידיג, זײַנע ווענט פיר צאָל שטאַרק; אָבער קיינער האָט ניט געוואָלט דער ערשטער דעם מייסטער אָנרירן, דער גורל האָט געמוזט באַשליסן, ווער עס זאָל דער ערשטער זײַן און ווער דער צווייטער.

ווען דער אָרון איז געווען פאַרמאַכט, האָבן אַלע גענומען לאָפּעטעס, אָפּגעווענדט זייערע פּנים׳ער און געשאָטן דעם באַרג מאַטונג איבער קונג־טזע׳ן.

דאַן האָבן זיי אויף אים ציפּרעסן פאַרפלאַנצט.

IV

# דער טויט פון מיכאל אַנדזשעלאָ

## פון יוסף פּאָפּער־לינקעאוס

פון דעם בוך: «פאַנטאַזיעס פון א רעאַליסט»

עס ווערט דערציילט, אַז צוויי טעג פאַר זײַן טויט, אין ניינציגסטן יאָר פון זײַן לעבן, האָט מיכאל אַנדזשעלאָ׳ן פלוצלונג באַפאַלן א שלעפעריגקײַט, וועלכע ער האָט געוואָלט פאַרטרײַבן דורך א שפּאַציר־רײַטן, אָבער די קאַלטקײַט פון דעם וועטער און די שוואַכקײַט פון דעם קאָפּ און אין די ביינער האָבן אים געצוואונגען אומצוקערן זיך אַהיים און אויסצורוען זיך אין דעם שטול, וואָס איז געשטאַנען צוגערוקט צום קאַמין.

ער איז געווען אַליין און איז באַלד אין דעם פאָטעל אַנטשלאָפן געוואָרן.

און עס חלומ׳ט זיך אים, ער רײַט אין פרײַען פעלד שפּאַצירן, און פון א ווײַטן פונקט פון דעם וועג קומט אים אָן אַלטער מאַן אַנטקעגן, וועלכער איז זייער שיין געקליידט און האַלט א שפּאַציר־שטאָק אין דער לינקער האַנט; זײַנע פיס מאַכן א טאַנצנדיגע באַוועגונג, דערבײַ איז זײַן אייבער־קערפּער ווי צו א מין פאַרבייגונג געזונקען, און זײַן הוט האַלט ער אין דער

רעכטער האַנט אויף אַזאַ אַרט, וואָס האָט אָהן שום ספק אויסגעדריקט א מין העפליכע איינלאַדונג אַריינצוטרעטן און צוגיין נעהענטער צו אים.

וואָס נעהענטער דער אַלטער איז געקומען, אַלץ לעבעדיגער איז גע־וואָרן זיין טאַנצנדיגע באַוועגונג, אַלץ פריינדליכער זיין שמייכל, דערביי אָבער מיט א פיינעם צוג פון איראָניע אין זיין מינע; און אַז ער איז שוין אויף אַזוי פיל נאָהענט געווען, אַז מיכאל אַנדזשעלאָ האָט אים מיט זיינע שוואַכע אויגן דייטליך געקאָנט זעהן, האָט ער אין אים דערקאָנט, צו זיין גרעסטער שרעק, זיין לאַנג פאַרשטאָרבענעם פאָטער לאָדאָ־וויקאָ.

קיינמאָל אין זיין לעבן האָט מיכאל אַנדזשעלאָ ניט געזעהן זיין פאָטער אַנדערש, ווי אין אַן ערנסטער און ווערדיגער האַלטונג! די נויט אין הויז, די שברות־לב פון זיין זון דזשיאָוואַנכי מאַנע און זיין כאַראַקטער, וועלכער איז אַזוי ענליך צו דעם פון זיין זון, דעם געטליכן קינסטלער, האָט עס אַנדערש ניט געקאָנט צולאָזן; און מיכאל אַנדזשעלאָ, וועלכער האָט פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז געקינצלט און טאַנצנדיג, איז פון דער פאַרענדערונג אין דעם כאַראַקטער פון זיין פאָטער געקומען אין דער גרעסטער אויפרעגונג.

ער האָט די מאָדנע ערשיינונג פעסט באַטראַכט מיט די אויגן, כדי זיכער צי זיין, צו דער וואָס שטייט פאַר אים איז ווירקליך לאָדאָוויקאָ בואָנאַראָטי; און עס איז געווען און געבליבן אַזוי.

עטליכע טריט פאַר מיכאל אַנדזשעלאָ, וועלכער האָט זיין מויל־אייזל פאַרהאַלטן, איז יענער אויך שטיין געבליבן, וואָס אַמאָל פריינדליכער ווינקענדיג מיטן הוט, און איינלאַדנדיג צו גיין ווייטער; באַלד נאָכדעם איז די ערשיינונג פאַרשוואונדן געוואָרן — און מיכאל אַנדזשעלאָ האָט שווער זיפצנדיג אויפגעוואַכט.

אויף מאָרגן איז אין שטוב אַריינגעגאַנגען זיין אַלטער פריינד טאָמאַזאָ דעי קאַוואַליערי און האָט אים געפרעגט, ווי ער פילט זיך.

מיכאל אַנדזשעלאָ האָט געענטפערט: »נעכטן האָב איך מיין פאָטער אין חלום געזעהן, פון דעם ערנסטן לאָדאָוויקאָ האָט דער טויט געמאַכט א וויצלינג, א סאַטיריקער!... עס גרוילט מיר, וואָס מיר זיינען און וואָס מיר קאָנען ווערן נאָכן טויט.

מײַן פֿאָטער האָט נאָר צו מיר געשמייכלט, און ער האָט דאָס געטון אין אַזאַ העפֿליכער, פֿרײַנדליכער, כאָטש א ביסעל בייזער אַרט, אַז איך האָב ניט געקאָנט ניט פֿאָלגן זײַן אײַנלאַדונג."

און נאָך א פּויזע זאָגט ווידער מיכאל אַנדזשעלאָ:

"אַגב, האָט ער זיך צופּיל מטריח געווען צו ערשײַנען מיר אַזוי פֿרײַנד־ליך; ער האָט דאָס בײַ מיר ניט נייטיג און ס׳האָט צו אים ניט גוט גע־פּאַסט אויך."

"דו טײַטשסט דעם חלום ניט ריכטיג אויס", האָט קאַוואַליערי געזאָגט, "דאָס קאָן ניט זײַן דײַן פֿאָטער; ער, וועלכער האָט דיר דאָס לעבן געגעבן, קאָן ניט שמייכלען פֿרײַנדליך, ווען ער זאָגט דיר אָן דעם טויט."

"דו האָסט א טעות, טאָמאַזאָ, דווקא דערפֿאַר, ווײַל ער האָט מיר דאָס לעבן געגעבן, האָט ער אַליין דאס רעכט מיך צוריקצורופֿן, און קיינער ניט אויסער אים."

קאַוואַליערי, וועלכער האָט גוט געוואוסט, אַז מיט מיכאל אַנדזשעלאָ קאָן מען זיך לאַנג ניט אַמפּערן אָהן דעם, אַז מען זאָל אים צערייצן, וועלכער האָט אַחוצדעם דעם גרעסטן מיטלייד געהאַט מיט דעם גרויסן קראַנקן זקן, איז אַנטשוויגן געוואָרן. ער איז געזעסן נאָך א צײַט שטיל לעבן זײַן פֿרײַנד, וועלכער האָט שטענדיג געבליקט אין דער קאַמין־פֿייער, און איז דערנאָך אַוועק.

אויף מאָרגן איז ער ווידער געקומען און ס׳האָט זיך אים געוואָרפֿן אין די אויגן, אַז דער מייסטער איז א סך שוואכער; ווידער איז ער געזעסן אין פֿאָטעל און געבליקט מיט דעם אומדערפֿאָרשליך טיפֿזיניגן אויג אין פֿײַער אַרײַן.

"טאָמאַזאָ", האָט גערופֿן מיכאל אַנדזשעלאָ, נישט אָנקוקנדיג אים.

"איך בין דאָ, דײַן פֿרײַנד, קאַוואַליערי", האָט ער געענטפֿערט.

"טאָמאַזאָ, ס׳האָט זיך מיר הײַנט נאָך א מאָל גע׳חלום׳ט."

"נאָך א מאָל פֿון דײַן פֿאָטער?"

"ניין", ענטפֿערט מיכאל אַנדזשעלאָ, "אָבער עס פּאַסט צוזאַמען ווי א קונסטווערק צו מײַן נעכטיגן חלום...

איך בין געגאַנגען אין פֿרײַען פֿעלד, ווען עס איז שוין פֿאַרנאַכטליך פֿינסטערליך געווען, און כ׳האָב באַמערקט אין דער ווײַט א ליכטיגן פּונקט.

איך בין אַלץ נעהענטער געגאַנגען, און אַז איך בין שוין צוגעקומען גענוג נאָהענט, האָב איך דערהערט, אַז פון דער טיפעניש פון דער ערד גייט א זשומען, ווי פון א מחנה בינען; באַלד בין איך געשטאַנען ביי דעם איינגאַנג פון א הייל, וועלכע איז געווען אָנגעפילט מיט טויזנטער ליכטער, און איך זעה טיף אונטן א גרויסע מאַסע מענטשליכע געשטאַלטן, איינגעוויקלט אין ווייסע לייוונטענע טיכער, אַזוי, אַז איך האָב קיין איינציגן פּנים ניט געקאָנט דערקענען; און אָט די אַלע ווייסע געשטאַלטן זיינען געווען אין א אומ־אויפהערליכער באַוועגונג, גרופּעסווייז האָבן זיי זיך איינע אַרום די אַנדערע אַרומגעדרייט, שטענדיג זייער אָרט געביטן און געהאַלטן אין איין זשומען.

אַפריער איז דאָס זשומען געווען אין טיפערע טענער, דערנאָך איז עס געוואָרן אַלץ העכער און לעבעדיגער, ביז זיי האָבן גענומען אַרויס־ברענגען זייערע זשום־טענער אין דער פאָרם פון א פרעגן עפּעס. איין גרופּע האָט עפּעס ביי דער אַנדערער געפרעגט — דאָס האָב איך אַלץ דייטליך געהערט. אין אָנהייב האָב איך ניט געוואוסט וואָס, דערנאָך אָבער האָב איך עס אינגאַנצן פאַרשטאַנען.»

«אויף וואָס האָבן זיי געקאָנט פרעגן?» האָט באַמערקט קאַוואַליערי מיט א פאַרהאַלטענעם אָטעם.

«זיי האָבן איינס ביים אַנדערן געפרעגט: ,פאַרוואָס קומט ער נאָך אַלץ ניט?' דאַן זיינען זיי אַלע אומגעדולדיגער געוואָרן, און זיי האָבן געזשומט זייער פראַגע אַלץ גיכער און גיכער. ערשט אַז זיי האָבן מיך דערזעהן צוקומענדיג נעהענטער, זיינען זיי געוואָרן רואיגער, און נאָר איינציגע גרופּעס האָבן נאָך געוואָרפן זייערע פראַגן; און דאָס אַלץ . . . און דאָס אַלץ האָט מיך אַזוי גוואַלטיג צו זיי געצויגן, אַז איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוטרעטן אין דער הייל, וועלכע איך האָב געזעהן און אין וועלכער איך האָב באַמערקט טרעפּ. איך בין שוין, א ביסל וואַרטנדיג, אַראָפּ, די ערשטע טרעפּ, ביז איך האָב אויפגעוואַכט . . . מיין צוואה, טאָמאַזאָ, ווערסטו אין טישקעסטל געפינען, דיר האָב איך מער ניט וואָס צו זאָגן, דאָס וואָלט נאָר געהייסן איבער׳חזר׳ן נאָך א מאָל.»

אויפגערודערט ביז גאָר, האָט קאַוואַליערי געפרעגט:

«וואָס האָלסטו דען פון דעם חלום, מייסטער? וואָס רעדסטו?» און ער האָט ניט געקאָנט מער ריידן פון וויינען.

«מען וואַרט שוין דאָרט אויף מיר אונטן מיט אומגעדולד׳» האָט געענט־פערט מיכאל אַנדזשעלאָ. «נישט יעדערער איז אַזוי פרײַנדליך מיט מיר׳ ווי מײַן גוטער פּאָטער איז נעכטן געווען.

און זיי זײַנען גערעכט אויך! זיי האָבן רעכט צווישן זיך צו פרעגן: ,וואו בלײַבט דאָס בואָנאַראָטי אַזוי לאַנג? ער וויל דען אייביג לעבן?׳ אין מײַנע יאָרן זײַנען זיי שוין אַלע דאָרט אונטן געווען׳ און איך אַלטער עקשן וואַרט נאָך אַלץ.»

דערווײַל זײַנען נאָך א פּאָר אַנדער פרײַנדע שטיל אַרײַנגעגאַנגען׳ אָבער מיכאל אַנדזשעלאָ האָט זיי שוין מער נישט באַמערקט׳ ווײַל נאָך די לעצטע ווערטער איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

V

# דער דיכטער אַבו־האַרון דערציילט וועגן דעם טויט פון האַפיס

## פון יוסף פּאָפּער־לינקעאוס

פון דעם בוך «פאַנטאַזיעס פון א רעאַליסט»

דער קאַליף האָט געזאָגט צו אַבו־האַרון: «מיר האָבן איצט די ליבליכע שירים פון האַפיס געהערט׳ און זיי האָבן משמח געווען אונזער נשמה; דערצייל אונז נון׳ ווי זײַן צוקערליפּ איז בלייך געוואָרן; דו ביזט דאָך א פרײַנד געווען פון דעם געטליכן מענטשן און ביזט בײַ זײַן טויטן־בעט געשטאַנען.»

און אַלע הויפלײַט האָבן זיך פאַרנייגט׳ אויך די זינגערינס און די טענצערינס האָבן זיך אײַנגעהערט אין די ווערטער פון אַבו־האַרון׳ און ער האָט אָנגעהויבן:

«ווען האַפיס איז אויף זײַן טויטן־בעט געלעגן׳ זײַנען מיר געשטאַנען׳ זײַנע פרײַנד׳ אַרום זײַן בעט׳ און מיר האָבן זיך קוים געקאָנט האַלטן פון ווייטאָג.

עס זיינען לערך צוואַנציג עלטערע און יינגערע מענער געווען; דער יינגסטער פון זײַנע פרײַנד׳ און ניט זײַן ערגסטער׳ איז קוים צוועלף יאָר אַלט געווען.

אַז איך האָב געזעהן האַפיסן אַזוי ליגנדיג און האָב באַטראַכט די גרויסע צאָל פון זײַנע פרײַנד, איז מיר אין זכרון אויפגעקומען, וואָס דער הער־ליכער האָט מיר געזאָגט, ווען מיר זיינען אין אונזערע יונגע און געזונטע יאָרן געזעסן אין א גאַסט־הויז.

„זעה!" האָט ער געזאָגט, „עס זיינען פאַראַן מענטשן, וואָס זאָגן, אַז מען קאָן ניט האָבן מער ווי איין אמת׳ן פרײַנד. גלייב ניט די ווערטער, די דאָזיגע מענטשן פאַרשטייען ניט די אמת׳ע באַדײַטונג פון דער פרײַנד־שאַפט. פרײַנדשאַפט איז ניט אַזוי ענג ווי די ליבע, וועלכע קאָן זיך אָפּגעבן נאָר צו איין מענטשן און שעצט גרינג אַלע אַנדערע און די גאַנצע וועלט. גלייב האַפיסן, ער קען די ליבע אַזוי גוט ווי אַן אַנדערער און די פרײַנדשאַפט בעסער פאַר יעדן אַנדערן.

מיר פרײַנד לײַדן פון אונזערע פעלערן, פרייען זיך מיט אונזערע מעלות; אונזערע קליינע סכסוכים פאַרגעסן מיר און דערמאָנען זיך אָן אונזערע געמיינזאַמע פאַרגעניגונגען. מיר שטיצן און פאַרטיידיגן איינער דעם צווייטן און פרייען זיך אינם גליקליכן באַטראַכטן אַלע הערליכקײַטן פון דעם לעבן, די ליבליכקײַט פון די פרויען און די שיינקײַט פון דער דיכטערישער קונסט. מיר קאָנען זיין אַזאַ גרויסע צאָל ווי די שטערן אין הימל, און קיינער וועט דערבײַ ניט פאַרלירן."

אויף אָט די ווערטער האָב איך זיך דערמאָנט, און כ׳האָב ווידער דאַן געקוקט אויף האַפיסן. ער איז געווען צו שוואַך צו ריידן, מיט מי האָט ער דעם קאָפּ אויפגעהויבן און האָט באַטראַכט אויפמערקזאַם אַלע זײַנע פרײַנד איינעם נאָך דעם אַנדערן.

וואָס יעדערער פון אונז האָט מיט אים גערעדט, הגם אונזערע ליפּן זיינען געווען פאַרשלאָסן, דאָס, אָ פירשט פון די גלייביגע, פאַרשפּאָר מיר צו זאָגן; וואָרום צעהנטויזנט ווערטער אַפילו וועלן אויף דעם ניט קלעקן.

נאָכדעם ווי ער האָט אַלעמען אָנגעקוקט, איז ער א ווײַלע געבליבן רואיג. דערנאָך אָבער האָבן זיך זײַנע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן, און ער האָט אָנגעהויבן צו וויינען און צו שלוכצן ווי א קינד.

מיר האָבן דאָס ניט געקאָנט צוזעהן, האָבן מיט די הענט אונזער פנים פאַרדעקט, און טרערן האָבן זיך געקײַקלט איבער אונזערע באַקן.

ווען מיר האָבן אָפּגעווענדט די הענט פון אונזערע אויגן און א קוק גע־געבן אויף האַפּיסן, איז ער שוין געווען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם גן־עדן פון דעם אַלמעכטיגן.»

נאָך אָט דער דערציילונג פון אַבו־האַרון זיינען דער קאַליף, די הויפּ־לײַט, אַפּילו די טענצערינס און די זינגערינס געווען אַזוי אויפגערודערט, אַז זיי זיינען כּמעט געבליבן אומעכטיג.

אין א ווײַלע אַרום האָט זיך דער קאַליף אויפגעהויבן פון זײַן קיניג־שטול און האָט אויסגערופן:

«עס איז מיר פּײַנליך פון דעם, וואָס איך האָב איבער אײַך די ממשלה; שקלאַפן און שקלאַפינס, ווער פון אײַך עס וויל פרײַ זײַן, דעם גיב איך די פרײַהײַט.»

אָבער קיינער האָט אים ניט געוואָלט פאַרלאָזן.

## VI

# דאָס לײַדן פון וויסן

## פון לאַאָ־טזע

וויסן, אַז מיר קאָנען גאָרנישט ניט וויסן, איז דאָס העכסטע;
ניט וויסן, אַז מיר קאָנען ניט וויסן, איז לייד.
נאָר ווען מיר לײַדן פון אָט דעם לייד
ווערן מיר פרײַ פון לײַדן,
דער הייליגער איז פרײַ פון לײַדן.
ווײַל ער לײַדט פון אָט דעם לייד;
דעריבער איז ער פרײַ פון לײַדן.

אויסגעקליבן און איבערגעזעצט פון ש. גאָרעליק.

## ש· גאָרעליק

# דאס שטומע בוך

## באטראכטונגען וועגן דער מאָדערנער יידישער ליטעראטור

אין דריי הויפט־פאָרמען דריקט זיך אויס די פערזענליכקייט און דאָס שאַפן פון דעם שריפטשטעלער· ער קען זײַן דער אָביעקטיווער זעהער פונם ארומיגן לעבן אין דער אייבערפלעכליכקייט, אין די אויסנקייטן, זיטן, תנועות, און זיין ראָלע ווערט אויסגעשפילט אין דעם געטרייען איבערגעבן אָט דאָס לעבן· און אויב ער פארמאָגט א גרויסן טאלענט, איז ער פאר אונז דער שענקער פון קינסטלערישן, עסטעטישן גענוס· עס איז ביז גאר אָנגענעם נאכפאלגן די געטריי געמאָלטע בילדער, וועלכע מיר קענען גאנץ גוט, אבער וועלכע טרעטן ערשט איצט ארויס פאר אונזערע אויגן אין דער גאנצער קאָנצענטרירטער שארפקייט און בולט׳קייט· אויב עס זיינען שיינע אדער העסליכע בילדער, דאָס מאכט ניט אויס· דער שריפטשטעלער, וואס איז נאר א אָביעקטיווער באטראכטער, האט זיך דאך קיין אנדערע אויפגאבן ניט אוועקגעשטעלט אויסער געטריי, ערליך צו מאלן דאָס וואס עס איז; און זיין ווירקן איז פון דעם מין, וואס רופט נאר ארויס די באפרידיגונג פון אויג: ריכטיג געזעהן, ריכטיג געמאלט· און מיר דאנקען אים פאר דער מתנה פון עסטעטישן גענוס·

דאָס איז די ערשטע פאָרם· די צווייטע איז, ווען דעם שריפטשטעלערס נשמה טייטשט אויס דעם לעזער אין געשטאלטן די סומע פון אידעען, גייסטיגע באוועגונגען, שטימונגען פון דער עפאכע, אין וועלכער ער לעבט· צו דעם דעטאַלן מאָלן פון דער סביבה, צו דעם קינסטלערישן איבערגעבן פון אלע קלייניגקייטן, אלע חיצוניות, קומען צו דאָן געוויינליך איינצלנע פיגורן, וועלכע טראגן ארויס דעם אידעען־קאמף· דער קינסטלער צווינגט אונז ארייננצוטרעטן אין א ליידנשאפטליכער, הייסער אַטמאָספערע פון אידעען און זיילן־קאָנפליקטן, מיר געפינען זיך אין דער

וועלט פון טיפע, אינטערעסאנטע דיאַלאָגן. איבער דער ברייטער אייבער־פלאַך פון זאכן גייען ארויס איינצלנע מענטשן און ריידן מיט אנדערע און אפט אפילו מיט זיך; אבער זיי ריידן, און אט דאָס ריידן פארכאפט אונז אויף אזא אופן, אז אונז פעלט אפט די געדולד דורכלייענען מיט דער נייטיגער אויפמערקזאמקייט די בלעטער, וואו דער שריפטשטעלער איז נאר דעטאַליסט, נאר שילדערער, סביבה־מאלער, דען עס ציט אונז גוואלדיג צו יענע בלעטער אין זיין ראָמאַן אדער דערציילונג, וואו די העלדן שטייען אין דעם גערארנגל פון זייערע אידעען און זיילן. מיר ווילן הערן, וואס מען רעדט דארט, און ניט נאר אויס נייגעריגקייט, ניין, עס איז פאר אונז די וויכטיגסטע אנגעלעגנהייט. אונזער געמיט איז ביז גאר באוועגט, מיר נעמען אנטייל אין דעם קאמף, מיר שטייען אונטער זיין איינפלוס, מיר ענדערן אונזער באציאונג צו וועלט, מענטשן אונטער דעם איינפלוס פון אזוינע ביכער. דער איינפלוס פון זיי דויערט אמאל אומגעוויינטליך לאנג, אונזער נשמה באקומט גאר א אנדער פארב. וואונדערבארע ביכער! (פאר־אַנען לענדער — רוסלאנד, סקאנדינאַוויע — וואו אט די ביכער פאר־טרעטן דעם פלאץ ניט נאר פון דער אזויגערופענער שיינער ליטעראטור, נאר אויך פון דער פילאָסאָפיע, פון רעליגיעזן דענקען. דאָס הייסט, דער גאנצער גייסטיגער אינהאלט פון דער נאציע האט זיך אויסגעדריקט אין זיין פראָזע און דראַמע.)

נו, איז אבער פאראנען נאך א דריטע פאָרם. זי דארף גערעכנט ווערן פאר דער העכערער, נעמליך די, וועלכע איז ניט נאר דער רעזערוואוואַר פון אידעען, וואס הערשן אין דער געגעבענער עפאָכע, נאר וועלכע שטעלט מיט זיך פאר א נייע, גאר נייע וועלט, געבארן אין דער פלאמע־דיגער נשמה, אין דעם וואַכן געניאַלן גייסט פון דעם קינסטלער. ער האט זיך אפגעטיילט, אפגעריסן פון דעם קאָלעקטיוו, ניט אויס געפיל פון וועלכן עס איז סיבאַריטנטום, ניט אום צו שפילן מיט עסטעטישער מאָזאַאיק, ניין, אליין פאר זיך, מיט זיך אין דער ענגקייט פון דער מאַנסאַרדע, אין דער פייכטקייט פון קעלער, אמאל (זעלטן אמת) אבער אויך אין דעם רייכן חדר פון פאלאץ האט ער אויסגעקעמפט אין שלאפלאזע נעכט זיין אידעען־וועלט, דעם גייסטיגן צענטראלן פונקט. און וועלכן ער וואלט זיך געקאנט האלטן, אָרויסגייענדיג פון וועלכן עס זאלן אים ענדליך קלאר ווערן, וואס איז און

צוליב וואס איז מענטש, וועלט. אין דער איינזאמקייט האט ער זיך אויסגעוועבט דעם גייסטיגן לייטער, וואס האט אים דערלייכטערט און מיגליך געמאכט דאס אויפשטייגן, און איצט ווארפט ער דעם לייטער די מיטמענטשן, די חברים אין ליידן, און וויל זיי ניט אנדערש ווי ארויפציען צו זיך אויבן, צו זיין נייער, הערליכער וועלט. אויב עס איז נייטיג דאָס צו אילוסטרירן מיט נעמען פון דער ליטעראַרישער וועלט, וואלט איך געזאגט, אז למשל טורגעניעוו, איבסען, האַמסון, ראָמען־ראָלאַן פארקערפערן אין זייער שאפן די צווייטע פאָרם, בעת רוסאָ, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי — די דריטע. אבער ביידע פאָרמען האבן זייער הויפט־דאָלמעטשער אין דער געשילדערטער מענטשליכער פערזענליכקייט, וואס איז די טרעגערין פון די אידעאַלן פון דער געגעבענער עפּאָכע, ווי אויך פון די וויזיאָנען פון דער צוקונפט. א מענטש אָדער א גרופּע מענטשן ווערן געשילדערט אויף די פּילע בלעטער פון ראָמאַן, אין דעם ריידן ווי אין די מעשים זייערע, און אט די העלדן ברויזן אויף אונזער געמיט. ווער פון וויפיל ניט איז פילנדיגע לעזער געדענקט ניט אין זיין לעבן אזוינע מאָמענטן, ווען ער איז פולשטענדיג געווען היפּנאָטיזירט דורך דעם צויבער פון וועלכן עס איז ליטעראַרישן העלד? ווער האט אויף זיך ניט געשפּירט די ווירקונג פון אזוינע העלדן, געשפּירט אויף אזוי פיל, אז ער האט ניט געקאנט ביישטיין דעם נסיון נאכצומאכן זיי? ווער האט זיך ניט געפּילט כאטש אויף א וויילע אין דער ראָלע פון דער הערליכער, אידעאַלער געשטאלט, וואס האט איינגעפאנגען די נשמה? אין רוסלאנד למשל, וויפיל זיינען עס געווען אזוינע, וועלכע האבן נאכגעפילט און נאכגעמאכט די לירישע פּאַטעטיק פון א רודין, דעם אפּענעם קעמפנדיגן ניהיליזם פון א באַזאַראָוו, אדער זיך געוויגט אין חלומות צו לעבן אין דעם אידעאלן אַסקעטיזם ווי דער העלד פון טשערנישעווסקיס ראמאן «וואָס טאָן?», ראַכמעטאָוו. אין די געשפּרעכן אין א געזעלשאפט דערמאנען מיר זיך אן די העלדן פון אונזערע באליבטע ביכער, מיר ציטירן זייערע ווערטער, מיר שפּילן מיט זייערע איינפאלן, פּאַראַדאָקסן. פאראנען א גאנצע ריי ליטעראַרישע פיגורן, וואס האבן זיך טיף איינגעקריצט אין אונזער זכּרון און אין אונזער נשמה. ווען דער טומל פון טאג טרייבט אפּ פון אונז זייערע אידעאלן, זייער ערהאַבענעם וועזן, קערן מיר זיך דאך אום צו זיי אין די בעסטע, העכערע מאָמענטן.

ביכער פון דער אויבנדערמאנטער ערשטער פאָרם איז געגעבן געוואָרן די קינסטלערישע קראפט צו שילדערן אָביעקטיוו די סביבה, די זאַכן אהן אן אינערליכער באציאונג צו זיי. אויסער דעם פארלאנג נאך פולקומענעם קינסטלערישן אויסדרוק. אזוינע ביכער, ווען אפילו פון דער גרעסטער ווירטואָזיטעט, פון דער גרעסטער מייסטערשאפט, זיינען ניט בכוח צו האבן אויף אונז אזא ווירקונג ווי א בוך פון דער צווייטער אדער דריטער פאָרם, וועלכע קענען, וואס ס'איז נוגע די קינסטלערישע מייסטערקייט, ניט דערגרייכן אזא פולקומענהייט ווי דאָס ערשטע, אבער אין וועלכע ס'ווערט אויסגעדריקט דורך דער געשילדערטער מענטשליכער פערזענליכ־קייט, דורך דעם העלד דער גייסטיגער אינהאלט פון דער עפּאָכע אדער די חלומות, די נייע וועלט פון דער צוקונפט. פלאָבער'ס «סאַלאַמבאָ» למשל איז, אלס קונסט־ווערק באטראכט, די העכסטע און פולקומסטע מדרגה, וועלכע מען וואלט זיך נאר געקאנט פארשטעלן. דאָס טויטע קאַרטאַגאָ מיט זיינע געטער און העלדן וואכט ווידער אויף אונטער דער צויבערישער פעדער פון דעם גרעסטן פראנצויזישן פּראָזאַיקער. ליידענשאפטן ווי: האַס, ליבע, אייפערזוכט, קנאה ווערן געשילדערט מיט דער גרעסטער מייסטער־קייט. אין פארגלייך צו אט דעם פולקומסטן ווערק אין פרט פון קונסט איז דער צעהנבעבנדיגער ראָמאַן «זשאַן קריסטאָף» פון ראָמען־ראָלאַן א אומ־בעדייטנד, שוואך ווערק. עס איז פול מיט פעלערן, מיט זינד קעגן דער ריינער קונסט, עס איז ניטא די איינהייט, די האַרמאָנישקייט אין דער קאָמפּאָזיציע; אין א ראָמאַן ווערן כמעט צום ערשטן מאל אזוי פיל ריין פובליציסטישע בלעטער אריינגעשריבן. און דאך, און פונדעסטוועגן איז «זשאַן קריסטאָף» פאר דער פראנצויזישער ליטעראטור אין געוויסן זין א עפּאָכע א גאנצע.

דאָס איז א ראָמאַן, וואס גיט שטאף צו לייענען פארטראגן, צו שרייבן ארטיקלען און אפשר ביכער. די הויפּטזאך אבער, א ראָמאַן, וואס דערוויַיטערט און פארטיפט אונזערע נשמה, טרייסט, גיט דעם פאר־געניגן פון זיסן שמערץ, פון אויפמונטערנדיגער פרייד, דערציילט אונז אין דער באגייסטערסטער פאָרם פון די אידעען, וואס פילן אן די צייט, און פון די חלומות, וואס עס חלומ'ט א געניאַלער מענש ביי זיין דורכ־שלאגן זיך, ביי פאָרמען זיין לעבן, ביי דער מי אויסצוקלינגען זיין ליד.

נאכצוגיין אין געדאנקען און געפיל אונזערן זשאַן־קריסטאָפס ליידן, קאמפן — וואס איז דאָס פאר א קוואל פון גייסטיגער דערהויבנקייט! ווייל אין ניין און ניינציג פראצענט, ווען אויך אפילו אין קלענערער אינטענסיווקייט, זיינען עס אויך די ליידן און פריידן פון די, וועלכע האבן דעם זיסן און שווערן גורל אריבערצושפּרייזן די מיטלמעסיגקייט. די לאנגע שמועסן צווישן קריסטאָף און זיין פריינד אָליוויע און די שמועסן, וועלכע ער האט מיט זיך אליין, ווי העלפן זיי אונז ברענגען אין שטראָם אונזערע געדאנקען, ווי העלפן זיי אונז אין א סך וויכטיגע זיילן־ענינים זיך צו אָריענטירן! ביי פלאָבער׳ס «סאַלאַמבאָ» האנדלט עס זיך אבער נאר אום א וואונדערבארן דימענט, פולקום אין אלע זיינע טיילן, געניאַל געשליפן, אבער א קאלטער דימענט, אבער א שטומער דימענט. ווען עס איז שלום אין אונזער האַרצן, אין אונזער נשמה, זיינען מיר גרייט שעה׳ן און אפשר נאך לענגער אפּ־צושטיין און באוואונדערן דעם הערליכן שטיין, אבער ער קאן אונז ניט העלפן דאן, ווען מיר נייטיגן זיך אם־מייסטן אין הילף. און דעם גרעסטן טייל פון אונזער לעבן נייטיגן מיר זיך אין הילף. דער מענטש ווערט אוועקגעשטעלט אויף דער וועלט, א אנגעלאדענער מיט שאלות, אויף וועלכע ער מוז געפינען אן ענטפער; אלנפאלס איז ער אוועקגעשטעלט ניט נאר צוליב דעם כדי צו באוואונדערן דימענטן. ווי זאל ער איינארדע־נען זיינע באציאונגען צו אנדערע מענטשן, צו דער געזעלשאפט? מוז ער אויפגיין אין דער געזעלשאפט, אין דעם כלל, אדער ער האט זייער וויכטיגע רעכט אלס יחיד, וועלכע ער מוז אומבאדינגט פארטיידיגן? ווי זאל ער זיך ראטעווען פון דער איינזאמקייט, וואס וועט פריער אדער שפעטער דאך קומען? צוזאמען מיט די אנטוישונגען, טויזנדערליי אנטוישונגען אין דעם לעבן, ווען די פרוי גייט אוועק, די פריינד גייען אוועק, ווי בייקומען דער מורא פארן טויט? דען דער איז קיין מענטש ניט, וועלכער טראכט ניט כאטש איין ווײלע אין טאג, אז די אונטערשטע שורה איז דאך אלעמאל דאָסזעלבע: דער טויט. ווי אפצולעבן דאָס קורצע לעבן אזוי, אז מען זאל זיך דערנאך, ווען מען וועט קומען צו דער אונטער־שטער שורה, ניט דארפן שעמען? אויף דעם אלעם פארזוכן אמת צו ענט־פערן די געשוואָרענע פילאָסאָפן, אבער די אינסטאַנץ איז א צו אָפיציעלע־קאלטע, נאקעטע טרעפּ פון לאָגיק, פון ראיות און קעגן־ראיות, פירן צו

דעם הויכן שטול׳ וואו עס זיצט׳ פארטיפט אין מחשבות׳ דער פילאָסאָף··· מיר דארפן אבער די שנעלערע הילף׳ די ווארעמערע הילף׳ די גאנצע רייכע סקאַלע פון געפילן׳ די פארצווייפלונג און די אומבאשרייבליכע פרייד׳ ווען עס איז דא דער אויסוועג׳ די צערטליכקייט׳ אין פלייש דארפן זיין אנגעטון די פראָבלעמען׳ און ווארעמע בלוט זאל פליסן דורך די אדערן׳ די ליטעראטור איז דער אוממיטלבארער וועג׳ אויף וועלכן מיר לאזן זיך גיין צו אונזער ציל׳

די ליטעראטור׳ אין איר פילזייטיגן׳ אין איר פולן אויסדרוק איז אלעמאל די פילאָסאָפיע פון לעבן׳ אנשטאט קאלטע סברות לאזט זי פארביי אונז פארבייגיין לעבעדיגע מענטשן׳ שילדערט זייער מזל׳ זייער קאמף׳ זיין קאמף׳ דען אם בעסטן׳ אם בולט׳סטן ערפילט די ליטעראטור איר ראלע׳ ווען זי פארקערפערט די גאנצע סומע פון לעבנס־פראָבלעמען אין דער שילדערונג פון דעם ליידנס־ און פריידנס־וועג פון דער איינצלנער פערזענליכקייט׳ זי קען ניט די ראלע ערפילן׳ ווען זי שילדערט נאר די סביבה׳ ווען זי שילדערט נאר דעם קאָלעקטיוו׳ א ליטעראטור׳ וואס קאן אויפרעכענען אויף איר קאָנטע נאָר אָביעקטיווע סביבה־שילדערונגען׳ ווי קינסטלעריש פולקום זיי זאלן ניט זיין׳ א ליטעראטור׳ וואס שילדערט נאָר דעם מיליע פון קאָלעקטיוו׳ די גאסן׳ די הייזער׳ אבער ניט דאס הויז מיט דעם איין העלד; א ליטעראטור׳ וואס רעדט ניט׳ נאר פירט דורך פארביי אונזערע אויגן קלענערע און ברייטערע לייוונטן מיט סצענעס פון פאלקס־לעבן׳ אזא ליטעראטור איז שטום׳ אבער א ליטעראטור דארף ניט׳ טאר ניט זיין שטום׳ זי דארף ריידן מיט דער ליידנשאפטליכער און מיט דער אינטימער און מיט דער צערטליכער שפראך׳ דארף א סך ריידן׳ ווייל עס איז דא מורא׳דיג פיל וועגן וואס צו ריידן׳ און טוט זי עס ניט׳ קאן זי נאך ניט הייסן ליטעראטור ווי מען דארף עס פארשטיין אין טיפן עצם׳ ווי די גאנצע וועלט פארשטייט עס׳ מען קאן אויפציילן א גאנצע ריי ביז גאר טאלענטפולע ביכער׳ און קיין ליטעראטור זאל עס נאך פונדעסטוועגן ניט זיין׳ ווייל די הויפט־באדינגונגען פעלן···

* * *

די יידישע ליטעראטור! איר צוקינפטיגער פאָרשער׳ וועלכן מען דארף זיך טרוימען און ווינטשן אלס א ביז גאר ערנסטן׳ אלס א שטרענגן׳ אלס

א מאָנער, אלס איינעם, פאר וועלכן דער באגריף «ליטעראטור» הייסט: א גרויסע וועלט פון אידעען, געדאנקען, געפילן. הייסט: לעבנס־פילאָסאָפיע. הייסט: אינטימערער, אוממיטלבארער וועג צו אונזער נשמה, וואס האַרט, האַרט אומגעדולדיג, ווי צו פארענטפערן די הארבסטע שאלות, ווי זיך ארויסדרייען פון פלאָנטער, ווי אזוי צו שטיין ביים אפגרונד און ניט פאר־ציטערט ווערן, שטיין אהן קאָפּ־שווינדל... אלזא, דער צוקינפטיגער פארשער פון דער יידישער ליטעראטור וועט מוזן מודה זיין (אָהן פעסי־מיסטישע נביאות אויף ווייטער, אבער אין דער זעלבער צייט ניט אָהן א געוויסן טרויעריגן פארוואונדערן זיך, שטוינען), אז די יידישע ליטעראטור פאר די פופציג יאר פון איר אויפשטיין און אנטוויקלען זיך איז געווען די ליטעראטור פון קאָלעקטיוו אין זיין אלטעגליכקייט, אין זיין טרויעריגער, הומאָריסטישער, מיאוס׳ער, הארציגער, אידילישער אלטעגליכקייט. אין דער אלטעגליכקייט, וואס איז דורכגעזאפט מיט אלטער חכמה, וואס שפיגלט אפ שיינקייטן, אבער אויך תנועות, העוויות, פארקריפלטקייטן. אבער דאך אלטעגליכקייט, מיט דעם רעגלמעסיגן שבת און יום־טוב. דעם קאָלעקטיוו אין זיינע טראגישע, ערשיטערנדיגע מאמענטן, דעם קאָלעקטיוו בעת דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, בעת די שחיטות פון באָגדאַן כמעלניצקי׳ן אדער בעת א איצטיגער בלוטיגער גזרה, בלוטיגן פאגראם, וואס מאכט פארציטערן דעם קאָלעקטיוו אין שרעק, האט נאך דער יידישער קינסטלער ניט איבערגעלעבט אינערליך אינטענסיוו, אזוי אז ער זאל עס קענען שילדערן אין א ראָמאַן, אין א דערציילונג. דאָס, וואס עס ליגט אונטערן נאז, נעמט ער, דאָס לייכטע, וואס ער האט נעכטן און היינט געזעהן נעמט ער. העכסטנס א לעגענדע, א מעשה׳לע, וואס דער זיידע און די באָבע האבן דערציילט.

אדער איז אפשר עמיצן באקאנט אזא פאקט (אויסער זעלטענע אויס־נאמן, וואס באשטעטיגן נאר און באטאָנען נאך מער דעם פאקט, ווי למשל אַש׳ס «שבתי צבי»), ווען דער יידישער קינסטלער האט געלאזט פליען זיין דיכטערישע פאנטאַזיע אין דער ווייטער, הערליכער אדער טראגישער, פינסטערער אדער ליכטיגער יידישער פארגאנגענהייט און געקומען פון אט דעם פליען אנגעלאדן מיט בילדער? אדער קאן מען אנ־ווייזן דעם יידישן שריפטשטעלער, וואס לאזט זיך אינספּירירן דורך אונער־

מידליכן פאַרשן א אַמסטערדאַמער יידיש געטאָ׳ א פּראָגער געטא אדער לכל־הפּחות אינספּירירן׳ באפרוכטן זיין גייסט מיט א גרעצ׳ס צוועלף בענדער און וואס דארט שטייט געשריבן׳ מיט די פּיוטים און וואס דארט ווערט באקלאגט׳ כּדי קינסטלעריש צו באַארבעטן׳ כּדי געשטאלטן צו שאפן פון אט דער טראגישער יידישער כראָניק? דאָס פּייכטע׳ נעפּלדיגע׳ מיסטישע יידישע פּראָג מיט דער גולם־לעגענדע האט אלץ געווארט אויף א יידישן קינסטלער׳ וואס זאל אים דיכטעריש אויסטייטשן׳ און ניט דער־ווארטנדיג זיך׳ האט עס זיך אנטפּלעקט דעם דייטשן דיכטער מיירינק׳ וועלכער האט אנגעשריבן דעם באדייטנדיגן «גולם»־ראָמאן׳ דעם יידישן קוואַרטל אין אַמסטערדאַם מיט זיינע שיינע׳ פאר׳חלומ׳טע פרויען (מען בענקט נאך שפּאַניע און פּאָרטוגאַל)׳ מיט זיינע רבנים׳ קנאים׳ מיט אוריאל דאַקאָסטאַ׳ מיט דעם הערליכן׳ ליכטיגן און איינזאמען ספּינאָזע, האט אין דעם גוטן׳ ערנסטן ראָמאן Amor Dei פארקערפּערט דער עסטרייי־כישער שריפטשטעלער קאָלבענהויער׳ זיבן יאָר אויף דעם בוך געארבעט׳ קיין האָלאַנד געפארן׳ דארט געפארשט׳ געבלאנדזשעט איבער די אלטע ערטער׳ וואו די צייט האט נאך ניט באוויזן אויסלעשן יעדן זכרון׳ יעדע שפּור פון אמאל׳

מאכט עס דען ניט דעם איינדרוק׳ אז אנדערע טוען פאר אונז אפּ די ארבעט׳ וועלכע מיר האבן אליין באדארפט טון? און האט יא א ייד וואַסערמאַן געשריבן די «צירנדאָרפער יידן»׳ איז עס גראָד א אסימי־לירטער ייד׳ א ייד׳ וואס איז אויפגעאנגען אין אייראָפּעערטום׳ א ייד׳ וואס איז אפּגעריסן פון יידישקייט׳

אלזא דער קאָלעקטיוו׳ צום גרעסטן טייל אין דער באגרעניצטקייט׳ אין דער איינטעניגקייט פון אלטעגליכן לעבן איז דער אויסדרוק און די הויפּט־פאָרם פון דער יידישער ליטעראַטור׳ אירע גרעסטע פארשטייער׳ וואס האבן אויף זייער געביט אומגעוויינטליך פיל אויפגעטון׳ זיינען: מענדעלע׳ שלום עליכם׳ פרץ׳ מענדעלע׳ אלס קעמפער פאר ליכט קעגן פינסטערניש׳ אלס השכלה־מענטש און קהילה־רעפאָרמאַטאָר׳ האָט געגעבן די תנועות פון דעם קאָלעקטיוו׳ ער האָט געגעבן דעם קרומען פּנים׳ שלום עליכם׳ פרעמד פון וועלכע עס איז מוסר־זאגעריי׳ סאָציאַל־רעפאָר־מעריי׳ האט געהאט א צו אפענעם אויג און האט דערפאר געקאנט זעהן

דעם גאַנצן יידישן פּנים מיט זיין טרויער, גוטמוטיגקייט, שטילע פריילעכ־
קייט, אמת׳ע יידישע ווייכהאַרציגקייט, האָט געקאנט זעהן דעם אומ־
פארגעסליכן, וואונדערבארן טביה׳ן. ער האט גוטמוטיג געלאכט איבער
זיינע ליבע, נארישע קאַסרילעווקער, איבער זיינע ליבע נאַרישע באַרדי־
טשעווער יידן, איבער אַקטיאָרן; אבער שטענדיג אין פילצאל, שטענדיג
דער קאָלעקטיוו. אויך טביה׳ן מיט די קריגלעך מילך, אויף דעם פאָן
פון די בויבעריקער, גלופּסקער יידען. דער אונטערשייד און דער
פארטשריט, וואס פּרץ שטעלע מיט זיך פאר, באשטייט דערין, וואס ער
האָט זיך אראפגעלאזן טיפער, צו די קוואַלן פון דעם פאלקס נשמה. ער
האט אויך געגעבן דעם קאָלעקטיוו, אבער ניט די וואָך, נאר דעם שבת
און יום־טוב. ער איז דער איינציגער, וואס פארקערפּערט דאָס טראכטן,
די פאַנטאַזיעס פון דעם קאָלעקטיוו און ניט נאר דאָס, וואס דער קאָלעק־
טיוו טוט.

אט די גרויסע דריי! די גרעסטע אין אונזער ליטעראטור.
זיי האבן זייערס פיין, מיט גרויסן ערנסט, ליבע אפּגעטון. די פיל
אנדערע, וואס האלטן באזעצט דעם באשיידענעם היכל פון אונזער ליטע־
ראטור, גייען נאך אלץ מיט דעם זעלבן וועג פון קאָלעקטיוו־מאלעריי.
מיט פארשיידענע נוסחאות, מיט א לענגערן אדער קירצערן טעמפּאָ,
זיינען זיי נאך אלץ די פּאָעטן פון דעם שטעטל, אין זיין אלטעגליכקייט,
אין זיין אידילישן שבת־יום־טוב. פּאָעטן פון דעם, וואָס מען האָט נעכטן
און היינט געזעהן, אבער ניט דאָס טיפע, ערשיטערנדיגע, נאָר דאָס איינ־
פאכע, דאס דעטאלע. מיליע, עטנאָגראַפיע, פרימיטיוון, פרימיטיוו. כמעט
דאָס, וואָס מאָלער האבן ליב אנצורופן «שטיל־לעבן». יידישע קרעמער,
יידישע מיידלעך, יידישע בחורים, א חסידישער ניגון, א פאלקסניגון, א
פריציטיוועז פון א יידן. און אלץ אויף שטום־לשון, אלץ געשטאמלט.

אמת ריידן איז ביטא. שטום. און דער יידישער מענטש רעדט דאך דווקא
א סך, ער איז א ריידער, ער איז א פּלפּול־מענטש, ער איז א מענטש, וואס
האט דווקא ליב אוועקצושטעלן א שאלה, אפשט זייער א קלוגע שאלה, און
ער ווארט אויף אן ענטפער. ער האט געשטעלט די שאלה ניט אויס ניי־
געריגקייט בלויז, נאר ווייל עס איז פאר אים א וויכטיגער ענין. אבער
דאָס יידישע בוך שווייגט. דאָס איז ניט דאָס טיפע, פיל באדייטנדיגע

שווייגן, דאָס איס ניט דאָס מיסטישע שווייגן, ניין, דאָס איס דאָס שווייגן פון גרויס אומבאהאָלפנקייט, פון גרויס פארלעגנהייט, פון דעם ניט קאנען שילדערן די איינצלנע פערזענליכקייט. די יידישע ליטעראטור, נישט קוקנדיג אויף איר דערוואקסנקייט — ברוך השם פופציג יאר אנטוויקלונג, שוין אויפגעוואקסן — ווייס נאך ביז איצט ניט צו שילדערן דעם מענטשן, דעם באזונדערן, איינצלנעם מענטשן, וועלכער פארלאזט די טויערן פון זיין שטעטל און לאזט זיך אליין איבער דער וועלט זוכן ... ניט נאך אָפּיציעלע בילדונג (אט די מאָניש־מאָטיוון, די באַנאַלע מאָטיוון זיינען יא אויסגעזונגען אויף פארשיידענע אופנים אין אונזער ליטעראטור), נאר נאך א ציל אין לעבן, באמת נאך א ציל, כדי זיך זייליש אין דער וועלט ווי עס איז איינצואָרדענען. סאָציאַליזם, ציוניזם, פארגעטערן ריינע קונסט, וואוינען צווישן סעקטאַנטן־גאָטזוכער, וואנדערן איבער די שווייצער בערג ניט אויס פורער טוריסטעריי, נאר כדיווירקליך צו געניסן די הייליגע איינזאמקייט פון דער נאטור, דאס זיינען אלץ פאָרמען, אין וועלכע א מענטשנס נשמה וויל זיך איר רפואה באקומען, איר אָרט, איר האַרמאָניע. א יידישע נשמה וויל עס נאך מער, ווייל אין פיל הינזיכטן איז זי קאָמ־פליצירטער, טראַגישער, צעבראָכענער. וואס פאר א מיספארשטענדניש! וואס פאר א ווילדע זאך! וואס פאר א ניט צוזאמענפאסן! דער יידישער מענטש איז אזוי קאָמפליצירט, די יידישע ליטעראטור אבער אין פארגלייך צו דער קאָמפליצירטקייט, פארדרייטקייט פון דער יידישער נשמה איז א שטיק פרימיטיוו. פונקט ווי עס וואלט זיך געהאנדלט ביי א רואיגן טאָל־ אָדער בערג־שבט, וואס טרייבט ציגן. עטנאָגראַפיע, פאלקס־לידער, פאָלקלאָר, פאלקסטימליכע לעגענדן. אין דער צייט ווען דאס יידישע לעבן איז פול מיט טראַגישע סתירות און מער, עפטער ווי ביי אנדערע, ווארפט עס ארויס פון זיך איינצלנע מיטגלידער פון יידישן פאלק און לאזט זיי וואנדערן, בלאנדזשען מיט אויסגעלאשענע אויגן, מיט פארוויטיגטע נשמות; אין דער צייט, ווען דאָס יידישע לעבן איז קראנק און אומ־געוויינטליך רייך מיט פסיכאָלאָגישע ניואַנסן, מיט פארוויקלונגען; אין דער צייט ווען אין פארשיידענע ווינקלען, אויף פארשיידענע ים־ברעגן דרייען זיך ארום מערקווירדיגע יידישע פערזענליכקייטן, איז די יידישע ליטעראטור א רואיגע מעטריקע פון דעם קאָלעקטיוו, קען זי נאָר אט די

איין פאָרם פון אויסדרוק, דאָס אָביעקטיווע שילדערן פון דעם מיליע.

די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער — און ניט נאָר אין די גרעסטע ביכער, נאר אפילו אין די פשוט גוטע ביכער, געשריבן פון מענטשן, וואס האבן ניט מער טאלענט פון א פשוט גוטן יידישן שרייבער — באַשטייען פון שילדערונגען פון איינצלנע פערזענליכקייטן, אין וועלכע עס זיינען פארקערפערט די אידעאַלן פון דער צייט אדער די חלומות פון צוקונפט. עס זיינען ביכער פון נעמען, און ביי דעם קלאנג פון יעדן נאמען ווערט אויך אָפגעקלונגען די מעלאָדיע פון א גאַנצער עפּאָכע. נעמט די רוסישע ליטעראַטור. נעמען פון העלדן. און יעדער נאמען איז דער סימבאָל פון א גאנצער אידעען-באוועגונג, דער סימבאָל פון א געוויסער קולטור-פאָרם. די געשיכטע פון דער רוסישער אינטעליגענץ, פון רוסישן פאלק שטראַלט אין די נעמען אָפּ. טשאַצקי, אָניעגין, פעטשאָרין, רודין, באַזאַראָוו, מאַרק וואָלאָכאָוו, קאַראַמאַזאָוו. גענוג. איר ווייסט שוין וועגן וואס עס האנדלט זיך, איר ווייסט, אז אין דער רשימה איז געגעבן געוואָרן די געשיכטע פון דער רוסישער קולטור, אנהייבנדיג פון בייראָניזם אין דעם רוסישן אַדל פון די צוואנציגער יארן פון 19טן יארהונדערט און ענדיגנדיג מיט די אינטעלעקטועלע און רעליגיעזע טיפענישן פון דאָסטאָיעווסקיס העלדן. דאָסזעלבע אויך אין אנדערע ליטעראַטורן. און ווי זשע אנדערש? פון דורות אָן האט אויף אונז די ליטעראַטור געווירקט דורך דער איינצלנער פערזענליכקייט. דורך קהלת, דורך איוב, דורך דאָן-קיכאָט, האַמלעט און פויסט זיינען דער מענטשהייט די שענסטע געדאנקען, די שענסטע אידעען געגאנגען, אלזא דורך דער פערזענליכקייט, דורך דעם יחיד און אפט טאקע דעם פארטריבענעם אויסגעשלאסענעם, וואס שטייט אויסער דער ראַם פון קאָלעקטיוו. האבן מיר זיך געלערנט פארשטיין, פילן. דער קאָלעקטיוו קאן ווייזן גוואַלדיגע העלדישקייט אין דעם אריבערטראגן, אין דעם אנבייגן זיך, אין דעם עקשנות'דיגן ליידן ווי אויך אין דעם שטורמישן צערייסן די קייטן, דער קאָלעקטיוו קאן ווייזן אמאל מסירת-נפש. ער איז דער גרויסער סבלן און אמאל דער פלוצליכער ווידערשפעניגער. בכלל איז אים אבער דאך באשערט דאָס איינטעניגע, דאָס פלאכע פעלד פון אלטעגליכקייט. און דער דענקער, דער דיכטער, וועלכער האָט געוואלט אונז דערציילן עפּעס אזוינס, וואס

זאָל אונז פאַרכאַפּן, פון זיין צייט אָדער פון דעם ווי ער — דער דיכטער, דער דענקער — טרוימט זיך די צוקונפט, האָט אַרויסגעשטופּט אויף דער אַרענע די איינצלנע פּערזענלעכקייט, די אינטערעסאַנטע פּראָבלעמאַטישע פּערזענלעכקייט, וואָס איז גראַד פון דער סביבה אָפּגעריסן, וואָס איז פון קאָלעקטיוו אויסגעשטויסן, ווייל זי איז ניט צוגעפּאַסט געווען צו דער ראַם פון דער אַלטעגלייכקייט. פון די ניט איינגעגעבענע נאָך דער מיינונג פון קאָלעקטיוו, נאָך דער מיינונג פון «שטעטל», פון די כּלומרשטיקע שלים־מזל־מענטשן, פון די ניט בעל־תּכלית׳ניקעס האָט געלערנט די מענטשהייט ווייטער, פּראָוועדט גיין און דענקען און פילן, זיך פאַר־טראַכטן, פאַרטיפן.

די יידישע ליטעראַטור איז אַ שטומע ליטעראַטור, אַ ליטעראַטור פון מימיק. אין אונזערע ביכער פעלט דער העלד, וואָס זיין נאָמען אַליין וואָלט אונז געקאָנט דינען אַלס סימבאָל פון אַ געוויסן אָפּשניט אין אונזער קולטור און גייסטיקן לעבן. אין וועלכן העלד פונם יידישן בוך איז פאַר־קערפּערט געוואָרן דער יידישער רעוואָלוציאָנער אין אַלע זיינע שאַטי־רונגען? וואו איז געגעבן געוואָרן די פיגור, אין וועלכער עס זאָל אָפּ־שיינען די זיילישע וועלט פון דעם ציוניסט? וואו איז דער באָדנלאָזער, דער אויסגעוואָרצלטער, דער ניט־אַהין־און־ניט־אַהער־מענטש? וואו איז דער, וועלכן עס יאָגט אין דער וועלט אַריין אַ אומגעוויינטליכע בענק־שאַפט, און ער וואַנדערט, בלאָנדזשעט איבער אַלע ברעגן, גייט זוכן טרייסט ביי טאָלסטאָיען, פאָרט אין קאַנאַדע צו די דוכאָבאָרן, וואַלגערט זיך ביי די ניו־יאָרקער מעטאָדיסטן? אָדער איז די יידישע פּערזענלעכקייט איינטעניג און איר אינערליכע וועלט באַשטייט נאָר אין אַפּאָלאָגעטיק און אין דעם באַ־וואוסטזיין, אַז די גאַנצע וועלט באַגייט זיך מיט אונז אומגערעכט, באַרבאַריש?

ניין, די יידישע פּערזענלעכקייט איז קאָמפּליצירט. צו איר געהערט אי אַ אָטאָ ווייניגער, אי אַ נע־ונד־ניק ווי ווייטער, אי די מינסקער מיידל, וואָס לאָדט איין אירע צוויי חבר׳טעס און נאָכדעם ווי זיי האָבן געשפּילט שאָפּען׳ען באַגייען זיי אַלע דריי זעלבסטמאָרד. אָבער איידער זיי האָבן זיך אַזוי טראַגיש אָפּגערעכנט מיט זייער לעבן, האָבן זיי דאָך אומגעציילטע אָוונטן פאַרבראַכט אין שמועסן, אין ערנסטע, אין גוואַלדיק־ערנסטע שמועסן, און מיט זיי איז אויך געזעסן דער עקסטערן, דער

שטילער, באהאלטענער פילאָסאָף, דער סקעפּטיקער און צעשטערער. די יידישע פּערזענליכקייט האט זיך פארנומען מיט אויסשיטן דאס הארץ אפשר פאר א גאר ווילד־פרעמדן מענטשן, ערגעץ אין א קאַפע־ווינקל ביז אין העלן מארגן אריין. דער ייד האט גערעדט אויף די שפּעטע שפּאצירגאנגען איבער די לאנגע שאָסעען, ביי א גלאָז טיי ביי א באַ־קענטער צײן־דאָקטערקע. די יידישע פּערזענליכקייט האט ליב אריינטרעטן אין דיספּוט מיט דעם דאָרפישן גלח, מיט דעם אפיציר אין וואַגאָן, מיט א בערנער באַלעבאָסטע, וואס ענטפערט אויף איר «שוויצער־דיטש», מיט א איטאַליענישן פישער. אָ! זי שווייגט ניט, די יידישע פּערזענליכקייט, זי ווארפט זיך ארום מיט פּראָבלעמען, און די יידישע פּערזענליכקייט קענט איר הערן ריידן אויף א פארזאמלונג פון איטאליענישע סאָציאַליסטן, ערגעץ אין א באָלאָניע אדער פעראַראַ אויף א זיצונג פון מאָניסטן.

שווייגן שווייגט זי נאר אין דער יידישער ליטעראטור, אין דעם יידישן בוך. קיין טאָן הערט מען ניט. שא־שטיל. עס האט זיך קיין זאך ניט געטראפן. גאר ניט פּאסירט. (אגב אין דעם יידישן בוך הערט מען ניט נאר ניט דעם מאָדערנעם יידן, נאר אויך דער אלטער ייד איז ניטא. ניטא דער מגיד, דער ראש־ישיבה, דער יידישער רב. אלס בלאסע סילועטן באווייזן זי זיך, אבער ניט אלס גאנצע, שארפע פּערזענליכקייטן) «אחד העם, יא, אט דער אחד העם», הייבט אן ערגעץ־וואו ביי בערגעל־סאנען א העלד. הייבט נאר אן, אבער באלד ווערט ער אנטשוויגן. מיר זיינען דווקא נייגעריג צו וויסן, וואס מיינט בערגעלסאנס העלד וועגן אחד־העמ׳ען, וואס איז ער אין זיינע אויגן, א עפּאָכע־מאכענדיגער דענקער אדער נאר א פּאָרנעמער, פיינער שריפטשטעלער, וועלכער קאן שיין, פּאָרנעם אויסדריקן דאס, וואס ער האט צו זאגן; ביי דעם ענין קאן מען שוין באַרירן נאך אנדערע פראגן. אלזא ארויס מיט דער שפּראך! ביטע, ביטע. וואס מיינט איר וועגן אחד העמ׳ען? אבער אומזיסט איז דאָס ווארטן. בערגעלסאן הענגט אויף אויף דעם מויל פון זיין העלד א שלאס, און אזוי וועלן מיר קיינמאל ניט וויסן, וואס האט ער געמיינט אזוינס מיט זיין «אחד העם, יא, אחד העם». שטום...

אין ווירקליכן לעבן זיינען די יידישע מענטשן גוואלדיגע דיספּוטאנטן, דיאַלעקטיקער, פּאַראַדאָקסאַליסטן, ביז־אין־טאג־אריין־ריידער, צום גרעסטן

טייל אינטערעסאנט; און אין דער ליטעראטור זעהען מיר זיי (ווען מיר זעהען זיי איבערהויפט) אלס שטומע פארשוינען, אלס שווערע שווייגער· שווייגער ניט פון פרייען ווילן, נאר אדאנק דער אומגעוויינטליכער אומ־באהאָלפנקייט פון דעם יידישן קינסטלער, וויבאלד עס קומט נאר אויס צו שילדערן די יידישע פערזענליכקייט· עס איז געווען נאר איין העלד אין דער יידישער ליטעראטור, וואס האט זיך זיין וועלטל אויף א ביז גאר הארציגן, אינטימען אופן אויסגעפלוידערט: טביה דער מילכיגער· יאָ, גאר פארגעסן, אויסגעזיפצט זיך וועגן דער אוועקגייענדיגער וועלט האט זיך ביי אנכי׳ן נאך דער אלטער רב אבא·ביידע אבער, דער ליכטיגער, זוניגער טביה ווי דער זיפצנדיגער, קרעכצנדיגער ר׳ אבא, געהערן אויך צו דער סעריע שטעטל· ווי נאר דערזעלבער אנכי האט נאר מיט זיין באשיידענעם טאלענט, וואס האט דאך געקלעקט צו מאכן פון ר׳ אבא׳ן א פיגור, געפרובט שילדערן די איינצלנע פערזענליכקייט, וואס שטייט מיט איר אינערליכער וועלט אויסער די ראמען פון שטעטל, איז עס אויס־געקומען שלעכט· אָהן טעם און אָהן ריח· דער טעם און דער ריח איז אמת באשטאנען אין דעם, וואס ער האט זיינע דערציילונגען געגעבן נעמען פון מענטשן· «חיים וואָלטערמאַן», «מינע», «מאַניע»· איינצלנע פערזאָנען· נישקשה, זיי פארדינען אויך, מען זאל וועגן זיי אמאל עפעס וואס שרייבן, זיי פארדינען עס אמאל ניט ווייניגער פאר דעם קאָלעקטיוו· סימפּאַטיש איז שוין און אין א געוויסער מאס ניי, וואס אנכי גיט אונז צו פארשטיין, אז אין די חדרים׳לעך, וואו עס וואוינען די חיים וואָלטער־מאַנ׳ס, די גבריאל׳ס, די מאַניעס און מינעס, קומען פאָר טיפע דראמען· ער האט אונז גערופן צו די טירן און אנגעוואונקען, אז דאָ ליידט מען שטארק, אבער ער האט דאס געמאכט אויף שטום־לשון, ווי עס קומט צום באדויערן אָפט ביים יידישן קינסטלער, ווען ער נעמט זיך שילדערן א מענטשליכע פערזענליכקייט· ער האט געפרובט לאזן זיינע העלדן ריידן און טראכטן, אבער ווי מאָנאָטאָן, ווי אומזיכער זיי ריידן און טראכטן, און ווי אלע אויף איין און דעם זעלבן שטייגער· ביי אנכי׳ן איז עס נאר אזוי, ביי דעם יידישן שרייבער איז עס נאר אזוי, אין לעבן איז עס אבער פיל אינטערעסאנטער, שארפער, טעמפעראמענטפולער, געדאנקליך רייכער··· בשום אופן גיט זיך ניט איין דעם יידישן שריפטשטעלער האלטן איין און

דעמזועלבן שריט מיטן לעבן; דאָס יידישע לעבן איז אין אלע, אלע הינזיכטן רייכער פאר דער יידישער ליטעראטור.

ליגט אזוי חיים וואָלטערמאַן, אנכי׳ס העלד, אין זיין צימערל און טראכט; און אים דוכט זיך: עס האט געטראפן אזוינס, פון וואס אלע מענטשן זיינען אויסגעשטאָרבן און פארשוואונדן געווארן... אלע... געבליבן איז נאר ער איינער אליין, משונה פוסט איז גאָטס וועלט און משונה טיף איז זי... ווילדע וועלדער, משונה׳דיגע בערג און טאלן, און טיף און פוסט איז אלץ ארום אים, און ער איז איינער אליין אויף גאָטס וועלט, איינער אליין.

אלס אנהייב גאנץ גוט, דאָס זיינען אלץ זייער אינטערעסאנטע, וויכטיגע ענינים, אייביגע ענינים. נון, דארף מען אבער ניט זיין קיין פחדן און ווייטער דעם ענין ארומריידן. פארויס און ווייטער! אבער ווייטער איז גאר ניטא, און ווי ס׳ווייזט אויס, האט זיך דער שטומער אויסגעלערנט נאר עטליכע מויל־באוועגונגען, נאר עטליכע ווערטער האט ער זיך אויס־געלערנט ארויסצודריקן פון זיין שטומער וועלט, ווארים אלע אנדערע העלדן אנכי׳ס ריידן פונקט איין און דאָסזעלבע. «און ליגנדיג אזוי איב־דערפרי אויף איר בעט» — לייענען מיר אין דער דערציילונג „מאַניע׳ — «און טראכטנדיג וועגן איר לעבן און אירע באקענטע, פלעגט זי זיך פאר־טראכטען בכלל איבערן לעבן, וועגן וועלכן זי האט נאך אזוי ווינציג און נישט ערנסט געטראכט... עפּעס משונה איז דאָס לעבן און משונה זיינען אמאל די מענטשן... אזש דערציילן ועמען שעמסטו זיך און לעכערליך איז עס... עפּעס מענטשן לעבן, לעבן און מען שטארבט... אלע, אלע מענטשן שטארבן אויף דער וועלט... און מען באגראבט די מענטשן אין דער ערד...»

אזוי דענקען און ריידן ביי אנכי׳ן אלע העלדן, אליהו דער שוחט, רב אלחנן, גבריאל און דער יונגער שטיין, וועלכער שטייט צו צו יעדערן מיט דער פראגע «אויב עס איז דא א גאָט אדער ניט». עטליכע זשעסטן, שטום לשון. זיילן־מימיק. דאָס איז ניט נאר ווייל דער טאלענט איז ביי אנכי׳ן א קליינער, דאס איז עפּעס א מין קראנקהייט פון דער יידישער ליטעראטור בכלל, א מאדנע אוממעכטיגקייט, א שלעכטע געוויינטשאפט. בערגעלסאָן האט שוין, דוכט זיך, געוויס טאלענט, א סך טאלענט, אבער

איבער דער אַרענע וואו עס טרעטן ארויס זיינע העלדן, זעהט מען נאר פאַנטאָמימע־שפיל. ווייל ער איז א מייסטער, אט דער בערגעלסאָן, איז זיין פאַנטאָמימע אויך ערשיטערנדיג, אבער מיר געפינען זיך אין א שטומען קיניגרייך. קיינער רעדט ניט. מען ווינקט נאר, מען גיט אנצוהערעניש.

זייער א טאלענטירטער יידישער שריפטשטעלער, וועלכער האט גע־האלטן אין סאמע שרייבן א גרעסערן ראָמאַן, וואו אלץ דרייט זיך ארום איין פיגור, אלזא גאט צו דאנקען ניט שטעטל, ניט מיליע, ניט קאָלעק־טיוו, נאר א מענטשן אוועקגעשטעלט אין דעם מיטן, א מענטשליכע פערזענליכקייט — אט דער טאלענטירטער שריפטשטעלער האט זיך פאר מיר דעמאלט געקלאגט אויף א פארלעגנהייט, פון וועלכער ער ווייס ניט ווי אזוי זיך ארויסצודרייען, ווי זיך צו העלפן. די זאך איז די, וואס דער העראָס זיינער, דער צענטער אין בוך, ארום וועלכן אלץ דרייט זיך, דארף דאך אמאל עפעס ריידן אויך, מען דארף דאך פון אים אמאל א ווארט הערן. דער מחבר ווייס אבער ניט, וואס אזוינס זאל זיין העלד זאגן. געוויס האט מען ניט דאס רעכט פון יעדן שרייבער צו פאדערן, ער זאל זיינע העלדן געבן אזא רעדנער־טאלענט, ווי דאָסטאָיעווסקי זיינע אדער ווי א האמסון זיינע. בכלל איז דאך ניטא קיין נארישערע זאך ווי צושטיין צו א ליטעראטור און «פאדערן» פון איר דאָסטאָיעווסקיס און האמסונס, און קיינער, פארשטייט זיך, טוט עס ניט. אבער ניט די קאַראַמאַזאָווס אליין ריידן דאך, אין די ביכער פון פיל, פיל קלענערע שרייבער, פון פשוט טאלענטירטע שרייבער, וואס פארמאגן ניט א סך מער טאלענט פון א יידישן שרייבער, אין אט די ביכער ריידן דאך די העלדן, שיטן אויס זייער הארץ און גיבן איבער זייערע מחשבות אין א פאָרנעמער, געפילפולער שפראך. דער טאלענט זייערער צום שילדערן, קאן זיין, איז ניט גרעסער פאר דעם טאלענט פון א יידישן שרייבער, קאן זיין אפילו אמאל קלענער, אבער די אינערליכע וועלט, די אידעען־וועלט, די רוחניות, ווי עס שיינט, איז א טיפערע; און עס קומט נאך צו דאָס פארשטיין, אז ליטעראטור אין איר בעסטן אויסדרוק איז ניט נאר «שטיל־לעבן», נאר לעבנס־פילאָסאָפיע. און וויבאלד מען גיט דעם ראָמאַן דעם נאמען פון דעם צענטראל־העלד, וויבאלד מען לאזט אין דעם בוך דורכבליקן, אז אלע ביי־פיגורן באוואונדערן דעם העלד, האלטן אים פאר א אינטערעסאנטן מענטשן, אין וועלכן די עפּאָכע איז פארקערפערט

אדער די אידעאלן פון דער צוקונפט, דארף מען דאך אים לאזן א ווארט אויסריידן. ווארים ווער קאן דערווייזן, אז הינטער זיין שוויגן שטעקן סודות, רמזים, אפשר שטעקט נאר די פוסטקייט, דאס גארנישט מיט גאר־נישט. אלנפאלס וועגן דעם יידישן שרייבער, וואס האט זיך מיר געקלאגט אויף זיין אומבאהאלפנקייט, האב איך ביי זיך אין דער שטיל געטראכט: דו ניין, ניין, דיין ראָמאַן וועסטו מסתמא קיינמאל ניט אנשרייבן, און אויב יא, וועט עס זיין ווידער א שטומער ראָמאַן, א ראָמאַן א קאליקע, א ראָמאַן, וועלכער וועט אונז ניט לאזן וועלכע עס איז זכרונות, א ראָמאַן, וואס אנטוישט, א ראָמאַן, וואס האט אין זיך ניט קיין אפקלאנג פון אונזערע מהשבות, פון אונזער זיילן־נויט, און האט אויך ניט די קראפט אונז אוועקצוטראגן אין א בעסערער צוקונפט. און ווייל דו ווילסט נאך טון די נארישע אומפאָרזיכטיגקייט און אנרופן דעם ראָמאַן מיט דעם נאמען פון דעם הויפט־העלד, וועט זיך גאר אויסלאזן פונם גאנצן ראָמאַן א בזיון.»

ביי אונז האט מען ווירקליך אנגעהויבן באצייכענען די דערציילונגען מיט דעם נאמען פון די הויפט־העלדן, אבער די קאנסעקווענצן פארגעסט מען צו ציען, אן דעם noblesse oblige פארגעסט מען. גיט למשל נאמ־בערג זיין דערציילונג דעם נאמען «פליגלמאן», און פון דעם אמת׳ן פליגלמאנען איז דארט אייגנטליך גאר ניטא, עס איז די אומבהאלפנקייט נאמבערגס פאראנען, וועלכע איז אגב ניט זיין ספעציעלע אומבהאלפנקייט, נאר די אומבהאלפנקייט פון דער יידישער ליטעראטור איבערהויפט, ווען זי שילדערט איינצלנע פערזענליכקייטן.

נאר דא וואקסט אויף אין מיר א פארלאנג צו זאגן א פאר ווערטער וועגן דעם העלד פון נאמבערגס פאָפולערסטער און געשעצטעסטער דער־ציילונג, פון וועלכן מען האט אזוי פיל אפגעלאכט און חוזק געמאכט.

* * *

אלזא פליגלמאן! אויב איך האב קיין טעות ניט, איז פליגלמאן אויס־געלאכט געווארן דערפאר, וואס אין דער וועלט וואו מען דארך נאר כאפן, שטופן זיך און אנבייסן זיך אן דער «אָטשערעד», וואו דאָס לעצטע וואָרט הייסט: ערפאָלג, גייט ער, פליגלמאן, ארום ווי א פארטרוימטער פאַסיוויסט און טוט גאר ניט. אמת, די קונסט, די ליטעראטור האט גראד אלעמאל ליב

געהאט צו נעמען אין שוץ דווקא אזוינע אן־א־זייט־גייער, אזוינע שטילע בעלי־חלום, גראָד דעם פּאַסיוון, דעם ניט־איינגעגעבענעם, די, וואס זיינען אויסגעשטויסן פון דער אפיציעלער געזעלשאפט ווי פון דער אפיציעלער וויסנשאפט, פאר וועלכע עס גילט נאר איין אפגאט: דער ערפאָלג. די קונסט, די ליטעראטור האט דווקא מיט דער גרעסטער סימפאטיע אפּגעשטעלט זיך לעבן די כל המיני פליגלמאנס און די שטארקע ערפאלגסמענטשן ניט מיט אזא ליבע געשילדערט; אלנפאלס האבן זיי זיך דער קונסט ווייניגער איינגעגעבן, ווי די ראָמאַנטישע פיגורן, ווי די שוואכע האלבנאטורן, די נאטורן, וועמען עס איז ניט באשערט דאָס אויפטון, מחמת זיי טראכטן צו פיל. דער יידישער קינסטלער, און נאך אים די יידישע קריטיק, האט אבער אויסגעלאכט דעם פאסיוון העלד סוף כל סוף נאר פאר זיין אומפעאיגקייט צו «מאכן א לעבן», דערפאר, וואס ער האט ניט קיין ערפאלג. ווארים קיין אנדער חטא, דעם אמת זאגנדיג, זעה איך אין פליגלמאנען ניט. פארקערט, ניט קוקנדיג אויף דעם סטאַרען זיך נאמבערגס צו מאכן פון זיין העלד א קאַריקאַטור, געפעלט מיר פליגלמאן ביז גאר. אלץ, וואס אין די אויגן פון זיין באשאפער איז א מינוס, קאן ביי אן אנדער באלייכטונג, ביי אן אנדער שטימונג, ביי אן אנדער זיילן־אָריענטירונג גערעכנט ווערן פאר א פּלוס. נאמבערג דערציילט למשל, אז פליגלמאן איז א אבגעפוישטער מיט ביכער, ער האט געלייענט בודדאַ, שאָפּענהויער וכדומה. פון דער ווייטערדיגער שילדערונג, קעגן נאמבערגס ווילן, זעה איך אבער, אז דאָס ביכער־לייענען איז פאר אונזער פארטרוימטן בטלן געווען אן איבערלעבונג, דורך זיי האט זיך זיין נשמה געבילדעט, געפורעמט. ווען פליגלמאן וואלט געלייענט בודדא און וואלט דערנאך ביים פארלאזן דעם צימער פון זיינעם א באקאנטן געקלאפּט מיט דער טיר ווי א גראבער, טומלדיגער, מיאוס־האסטיגער מענטש קלאפט, ווען ער וואלט גערעדט הויך, ווען ער וואלט אויפגעאנגגען אין ביליגע פּאַטעטיק, וואלט איך זאגן, אז דאָס ביכער־לייענען זיינס, דאָס בודדא־לייענען איז געווען אומזיסטע טרחא... פון דער ווייטערדיגער שילדערונג אבער ווי אזוי פליגלמאן לעבט, זעהען מיר, אז דאָס איז אן אמת׳ער, שטילער פילאָסאָף, וואס גייט א ביסל אן א זייט זיין איינזאמען וועג. פון דאָס ווייניגע, וואס וועגן אים ווערט דערציילט, אפילו פון די עטליכע כלומרשט קאָמישע שטריכן אין

זיינע געוויינטשאפטן, אין זיין אַרט לעבן, אפילו אין דעם, וואס ער צאלט טייערער מיט א רובל פאר זיין צימער נאר דערפאר, ווייל ביי־נאכט שיינט אריין די לבנה, אין דעם, וואס צווישן זיינע פילע באקאנטע, וואס האלטן אים פאר א פילאָסאָף, פאר אן עסטעט און פארגעסן שטענדיג אן אים ביז דעם צווייטן מאל, ווען מען וועט דארפן אנקומען צו אים נאך א גמילות־חסד, אפילו אין דעם, וואס צווישן אט די באקאנטע קלייבט ער אויס גראד דעם אומבאדייטנדיגסטן, גראד דעם נארישן, עפעס א לעוואַנטאָוואָסקין א לערער, א טאַטן פון זעקס קינדער און פארברענגט מיט אים, — פון דעם אלעם איז גיכער צו זעהן, אז פליגלמאן איז א באזונדער מענטש, אן אָרי־גינעלער מענטש, אן אריגינעלער צווישן דעם ים פון באַנאַליטעטן און פּאַראַדיעס. דעם אמת זאגנדיג, פיל איך אין פליגלמאנען (נישט קוקנדיג אויף נאמבערגס טרחא צו מאכן פון אים א קאריקאטור) א העכערן סארט מענטש, א מענטשן מיט א ווייכער, צארטער נאטור, א פיין־פארטראכטן מענטשן מיט א פיינער אינערליכער, שטילער וועלט. ער מאכט באשטימט דעם איינדרוק פון א מענטשן מיט איינזאמע, רואיגע, ערהאבענע געדאנקען, מיט קאנצענטרירטע געדאנקען. קאַרל מאַרקס קאן זיך זיין זייער א גרויסער מענטש, אבער מערקווירדיג, בעת אלע לייענען מארקסן, לייענט פליגלמאן בודדא, שאָפּענהויער. ניט אויס ליטערארישן קאַפּריז טוט ער עס, נאָר אויס זיילן־באדערפעניש. עס ציט אים צו זיי. מען מוז צוגעבן, פליגלמאן איז אן אינטערעסאנטער לערער...

ער האט ליב קוקן אויף דער לבנה? שלום עליכם באשרייבט איינעם א יידישן פארשוין, וואס האט געהאט די ניט־שיינע געוויינהייט שטיין צום ים מיטן רוקן. צום ים, צו די בערג, בכלל צו דער נאטור. ער האט דעמאָנסטרירט די גלייכגילטיגקייט זיינע. שטענדיג געשטאנען מיט דעם רוקן. געפעלט אייך אזא ייד? ווער געפעלט אייך בעסער? מיר — פליגל־מאן. ניט קוקנדיג אויף דעם, וואס ער האט קיין ערפאלג ניט. און דאָס איז אמת. קיין ערפאלג האט ער ניט. די פרוי, וועלכע איז אים געפעלן געווארן, שטעלט אים אויס א צונג. דערפאר, וואס פליגלמאן האט זיך אין דער פרוי פארליבט, זעהענדיג זי נאר דורכן פענטער, דערפאר, וואס זי האט אים אויסגעשטעלט די צונג, איז אונזער העלד אויסגעלאכט געווארן. די סטאַטיסטיק אין ליבע־ענינים וואלט אפשר לייכט געקאנט עדות־זאגן,

אז דער גרעסטער ערפאלג פאלט אויס געוויינטליך אויף דעם גורל פון קאָמי־וואָיאַזשאָרן און פאַריקמאַכערס; אלנפאלס, פערדינאנד לאַסאַל האט קיין ערפאלג ניט געהאט, און די שיינע העלענע פאָן דעניגעס, וועלכע האט אים פארביטן אויף א נארישן קראָאַטישן יונקער, האט אויך אין א געוויסער מאס אויסגעשטעלט די צונג.

איך מיין, אז אלץ קומט פון דער באלייכטונג, פון דער זיילישער אריענ־טירונג, און ווי אזוי מען פילט די וועלט. פאר א דאַרוויניסט איז פליגלמאן א באשעפעניש, וואס דארף ניט אנדערש אונטערגיין, און פאר א ראַבינ־דראַנאַט טאַגאָרע? די וועלט פון ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע וועט פליגלמאנען צו־ווינקן סימפאטיש...

אבער ווען איך האב בנוגע דער דערציילונג «פליגלמאן» דערמאנט נאמבערגס אומבאהאלפנקייט, האב איך געמיינט אייגענטליך עפעס וואס אנדערש. איך האב נעמליך געמיינט דאָס, וואס נאמבערג לאדט אונז קיינ־מאל ניט איין צוצוהערן, וואס פליגלמאן רעדט. און געוויס האט דאי פליגלמאן פון צייט צו צייט ליב געהאט זיך וואַרעמען, פון הארצן דורכריידן (שטיל, פארטראכט, און די אויגן קוקן צו דעם זילבערנעם לבנה־שיין). אין דער דערציילונג שטייט געשריבן: «נישט זעלטן, גייענדיג פאמעליך איבער דער רוישיגער גאס אויף א לעקציע, איינגעבויגן, האלטנדיג די הענט אין די טאַשן, טראכט ער, אז אויף דער וועלט האבן געלעבט א סך גרויסע מענטשן, בודדא, ספינאָזע, קאַנט און נאך א סך אנדערע, און ער, דעם קוניעוּוער שמש׳ס א זון, ווייסט זייערע פילאָסאָפישע סיסטעמען אויף קלאר און קאן נאכזאגן אלץ, וואס ער האט געלעזן פון זיי, ווארט ביי ווארט.»

איך זעה אים, דעם פליגלמאנען, ווי ער גייט א פארטראכטער איבער דער רוישיגער, טומלדיגער, איילנדיגער גאס, איבער וועלכער עס לויפי די ערפאלגס־מענטשן, די הור־הא־מענטשן, דער מעקלער, דער ספעקולאנט, דער צייטונגס־מענטש, דער כלל־טוער. איך זעה אים, פליגלמאנען, ווי ער פארקערעוועט צו לעוואנטאַווסקין אין דער אָרעמער וואוינונג זיינער. און ווייל ער איז קלאר אין ספינאָזע, קאַנט, בודדא, ווייל ער קאן «נאכ־זאגן», ווי נאמבערג פארזיכערט, ווייס איך טאקע, אז ער «זאגט» נאך, און דאס זיינען דברים מן הלב, ווייל פליגלמאן איז ניט סתם אנגעפוישט מיט ביכער, נאר פאר אים זיינען די ביכער געווען אן איבערלעבונג און אפילו

זיין גאנג האט זיך געביטן (ער גייט «פּאמעליך איבער דער רוישיגער גאס»). עס פּליסט ביי לעוואנטאוווסקין זיין שטיל, שיין, פּארטראכט ריידן. אויב לעוואנטאוווסקי פארשטייט אלץ, אויב ער פארשטייט איבערהויפּט עפּעס פון דעם, וואס פּליגלמאן זאגט צו אים, איז ניט וויכטיג. האמסונס יאָהאַנעס נאַגעל אין «מיסטעריען» רעדט שעה׳נלאנג די אינטערעסאנטסטע זאכן פאר א אלטער שטוב־מיידל, פאר עפּעס א נארישן האלב־אידיאָט, וואס הייסט מינוטאַ. אין דאסטאיעווסקיס «אידיאָט» האלט דער פירשט מישקין די וואונדערבארסטע, טיפסטע מאָנאָלאָגן פאר דעם ... שווייצער פון הויז. געוויס האט פליגלמאן זייער שיין גערעדט. אבער ביי נאמבערגן איז עס ניטא. ווי אלע יידישע ביכער איז אויך נאמבערגס דערציילונג שטום. איין זאך איז באמערקן, ער איז «קלאר» געווען, ער האט געקאנט «נאכ־זאגן», און אן אנדער זאך איז לאזן טאקע דעם העלד ריידן. און וואלט ביי נאמבערגן פליגלמאן גערעדט, וואלט נאמבערג געקאנט לאזן זיין העלד ריידן, ווער ווייס, וואס פאר א שיינע, שטילע וועלט וואלט זיך פאר אונז אנטפלעקט. א בודדא־וועלט. אבער שטום איז אַרום און אַרום, ווי אין דער גאנצער מאדערנער יידישער ליטעראטור. און אויב איך האב גערעדט וועגן נאמבערגס אומבאהאלפנקייט, האב איך געמיינט די אלגעמיינע קראנק־הייט פון די יידישע קינסטלער, די קראנקהייט, וואס פארקלענערט אזוי די באדייטונג פון אונזערע ביכער, ווייל זיי זיינען שטומע ביכער.

* * *

איך האב אנגעוויזן אין דעם אנהייב פון מיין באטראכטונג אויף די דריי הויפּט־פארמען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס די פערזענליכקייט און דאס שאפן פון דעם קינסטלער. איך האב אנגעוויזן, אז די ליטעראטור, וואס באטייט אין איר טיפערן ווירקן לעבנס־פילאָסאָפיע, געפינט איר פאר־קערפּערונג ניט אין דער ערשטער פאָרם פון אָביעקטיוון סביבה־שילדערן, נאר אין דער צווייטער און דריטער פאָרם, ווען אין דעם בוך ווערט איבער־געגעבן (דורך דעם העלד, דורך דער איינצלנער פערזענליכקייט) דער גייסטיגער אינהאלט פון דער עפּאָכע אדער די וויזיאָנען פון דער צוקונפט. אונזער ליטעראטור וויל נאך אלץ ניט אריבערשפּרייזן די טויערן פון שטעטל. זי איז נאך אלץ מיליע־ליטעראטור, שילדערונג פון קאָלעקטיוו (געמיינט איז אין דער גאנצער באטראכטונג נאר די פּראָזע, וואס ס׳איז נוגע די יידישע

ליריק קאַן מען נאָר צופרידן זיין, עס גייט פאָרווערטס אין אַט דעם אָפּצווייג פון דער יידישער קונסט, די וועלט פון דעם יידישן ליריקער ווערט אַלץ טיפער). אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין די גרעסטע דריי יידישע קינסטלער מענ־דעלע, שלום עליכם, פרץ, האָט זיך אייגנטליך אַט די תקופה באַדאַרפט לאַנג פאַרענדיקן. קיין אינערליכע נויטווענדיקייט ווייטערצוגיין אויף דעם וועג איז ניטאָ. דאָס, וואָס אונזערע מאָדערנע שרייבער זוכן אַזוי ווייניק אַנדערע וועגן, דאַרף מען באַטראַכטן ניט אַלס אַ נויטווענדיקייט, נאָר אַלס אַן אומגליק. דער אויסרייד, אַז דער יידישער קינסטלער שטייט צו נאָהענט צו זיין עפּאָכע, און דעריבער קען ער נאָך ניט זיין איר אויס־טייטשער, איז אַ פוילער אויסרייד. אין אַלע ליטעראַטורן קען מען דאָס, און מען דאַרף עס ביי אונז אויך קענען. די יידישע ליטעראַטור, וואָס קען ניט פאַרקערפּערן אין געשטאַלטן די יידישע פּערזענליכקייט אין אַלע אירע פאָרמען, אין אַלע אירע שאַטירונגען, כלומרשט דערפאַר, וואָס דאָס איז צו נאָהענט פאַר איר, האָט זי אפשר באַוויזן דערפאַר תּופס צו זיין דאָס ווייטע, דאָס פאַרגאַנגענע? האָט זי געפּרובט אפשר אַריינדרינגען אין דעם חדר פון אַ יהודה הלוי, פון אַן אַבּרבּנאל? האָט זיך איר אפשר איינגעגעבן פון דער פּרעכטיקער ריי געשטאַלטן פונם מיטלעלטער, פון דער רענעסאַנס־צייט אַרויסצונעמען כאָטש איינע און איינפּאַסן עס אין דער ראַם פון אַ ראָמאַן, פון אַ דערציילונג, פון אַ דראַמע? דאָס איז צו נאָהענט און יענץ איז צו ווייט. תּירוצים, אויסריידעריי, ווען עס פעלט דער אמת׳ער באַגריף פון דעם, וואָס איז אַזוינס ליטעראַטור, און וואָס איז איר באַדיי־טונג. מיר האָבן גאַנץ פיינע טאַלענטן, נאָר עפּעס באַגרעניצן זיי פריי־וויליק זייערע כּוחות און וואַגן קיינמאָל ניט אַ ווייטערן, העכערן פלי, פון וואַנען מען קען זעהן נייע וועלטן. און וואָס איז דער סוף? דער סוף איז, אַז ווען מען זעצט איבער אין אַן אייראָפּעאישער שפּראַך אַ יידיש בוך, אַדער אַ יידישע דערציילונג, האָט דאָס דווקא אַן ערפאָלג, אָבער אַן ערפאָלג פּונקט ווי מיר וואָלטן געווען אַ אידיליש פאָלק, אַ פּרי־מיטיוו פאָלק. אונזערע מנהגים די אָפּשטאַרבנדיגע זעהט מען, אונזערע עטליכע מעשה׳לעך, אָבער אונזערע אמת׳ע ליידן זעהט מען ניט, אונזער רייכע פאַרגאַנגענהייט זעהט מען ניט און אויך ניט אונזערע קאָמפּליצירטע געגנוואַרט.

א לאַפּלענדער מאַטיאַס איקיאָ האט מיט עטליכע יאר צוריק אנגעשריבן אין דער נאָרוועגישער שפראך א בוך «דער זון פון דעם העברעער». וועגן אן אויסגעוואָרצלטן, באָדנלאָזן יידישן מאָלער דוד העסמאן, וועלכער האט זיך אויסגעהאדעוועט אין א פרעמדער, קריסטליכער סביבה און דערנאך, שפעטער, גאר שפעטער דערפילט א גוואלדיגע בענקשאפט נאך זיינע, נאך זיין אייגענער אַטמאָספערע, ווערט דארט דערציילט. וואס מאכט דאָס אויס, וואס דער מאַטיאַס איקיאָ האט אין ענין יידישן מיליע געמאכט פעלערן, ער, וועלכער האט דאָס יידישע שטעטל קיינמאל ניט געזעהן. די נשמה פון א טאלענטירטער יידישער פערזענליכקייט האט ער אבער געשילדערט מיט אזא טיפקייט, מיט אזא דראמאטישער קראפט, ווי איך האב דאָס נאך אין אונזער מאדערנער ליטעראטור ווייניג געזעהן. און מען רעדט דארט אין דעם בוך. א יידישער פעדלער אברהם רעדט, מען רעדט וואונדערבאר שיין, טיף, מען רעדט אזוי, אז די דיאַלאָגן געדענקען זיך. איבער מאַטיאַס איקיאָ׳ס בוך קאן מען זיך אונטערהאלטן שעה׳ן; ווי טרויעריג איז, וואס בנוגע א סך יידישע שטומע ביכער קאן מען דאס ניט זאגן. ווי משונה דאָס זאל ניט זיין, נאר אמאל ווילט זיך זעהן א שטרענגן מאָנער אזא, וועלכער מאָנענדיג זאל אבער אויך צוגעבן חשק דעם יידישן שרייבער, זאגן אים, אז ער זאל דרייסטער פרובן זיינע כוחות, דערמאנענן אים, ווי אזוי עס האט זיך אנט־וויקלט די ליטעראטור ביי אנדערע פעלקער, ווי אזוי אט די אנדערע האבן ליטעראטור פארשטאנען, ריידן וועגן די אמת׳ע כהנים פון דער ליטעראטור, וועלכע זיינען אין איר בפועל ממש אויפגעגאנגען, וועלכע האבן יארן לאנגע גע׳פטר׳ט אויף שטודיען, כדי אנצושרייבן א זאך פון גאר ניט פיל זייטן...

די ליטעראטור איז א הייליגער היכל. דער קינסטלער ריכט אפ דארט זיין הייליגן דינסט, גיט אפ אלע זיינע כוחות, לעזט זיך אויף אין די גע־שטאלטן, וועלכע ער שאפט. ווען עס קומט די צייט, ווען זיין ארעמער, נישטיגער קערפער דארף קאלט ווערן, פארקריכט ער ווי א חיה אין דער הייל און שטארבט...

אבער די געשטאלטן, וועלכע ער האט געשאפן, בלייבן, זיי ריידן אין דער אייביגקייט זיינע טרוימען...

## מ׳ ווײַנרײַך

# מגילת־ווינץ

### א יידישע היסטאָרישע פּאָעמע פון אָנהייב 17־טן יארהונדערט

1· דאָס ווערק און זײַן שטעלונג אין אונזער ליטעראַטור

די «מגילת־ווינץ» וואָס מיר ברענגען דאָ׳ איז ווײַט ניט די איינציגע היסטאָרישע פּאָעמע אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור· אדרבא׳ ווען מען זאָל שוין האַלטן בײַ א פאַרגלײַך׳ מוז מען זאָגן׳ אַז אַמאָליגע יאָרן האָט די יידישע ליטעראַטור א סך בעסער׳ א סך פילזײַטיגער אָפּ־געשפּיגלט דאָס יידישע לעבן׳ ווי די ווערק פון אונזער מאָדערנער תקופה· אמת׳ דאָס דאַרף מען האָבן אין זינען: דאָס לעבן איז דאַן געווען ניט אַזוי קאָמפּליצירט׳ און די פאָדערונגען׳ מיט וועלכע מען פלעגט קומען צום שרײַבער׳ זײַנען אויך ניט געווען אַזוי האַרב׳ ווי הײַנטיגן טאָג·

די יידישע היסטאָרישע דיכטונג איז אַזאַ מין געביט פון אונזער ליטע־ראַטור־געשיכטע׳ וואָס איז באמת ווערט׳ מען זאָל אים אָפּגעבן מער אינ־טערעס׳ ווי מען טוט דאָס הײַנט· נאָר צוריק גערעדט: וואָסער טייל פון אונזער עלטערער ליטעראַטור איז יאָ אויסגעפּאָרשט? צי פאַרמאָגן מיר כאָטש אַן אינווענטאַר פון אונזער ליטעראַרישן אייגנס?[1] ווען מיר וועלן שוין זוכה זײַן צו אַן «אַלט־יידישער טעקסט־ביבליאָטעק»׳ וואָס זאָל געבן איטליכן לעזער א השגה וועגן אונזער האָב־און־גוטס׳ דאַן וועט זיך אַרויס־

[1] צוויי אַרבעטן׳ אַן אָנהייב פון א פונדאַמענט׳ מוזן דערמאָנט ווערן· שטיינשניידערס Jüdisch-Deutsche Literatur (Serapeum 1848, 1849, 1869) האָט א גוואלדיגן ווערט׳ ניט געקוקט אויף בלויזן און גרײַזן· — שולמאנס «שפת יהודית־אשכנזית וספרותה מקץ המאה הט״ו עד קץ שנות המאה הי״ח· יצא לאור ע״י בני משפחתו של המחבר המנוח בהשגחת י׳ ח׳ טביוב· ריגא׳ תרע״ג» גיט ניט דאָס וואָס עס זאָגט צו: וועגן «שפה» איז דאָרט קיין זאַך ניטאָ׳ און די «ספרות» איז אייגנטליך נאָר א קאַטאַלאָג· דאָס בוך עפנט ניט קיין ברייטערע פּערספּעקטיוון׳ אָבער ס׳האָט אין זיך זייער א סך מאַטעריאַל׳ און זאָל מען זיך ניט לאָזן איבערפירן דעם טעם דורך דער נאַאיווער אויפגעבלאָזענער העברעאיסטישער מליצה׳ מיט וועלכער י׳ ח׳ טאַוויעוו האָט «באַצירט» דאָס לעבנסווערק פון א האַרציגן און ערנסטן מענטשן·

ווײַזן, אַז דאָס איז גאָרניט «דאָס ביסל אָרעמקײַט», ווי מען האָט זיך אײַנגעוווינט צו טראַכטן, נאָר אַז יידן האָבן באַוויזן צו באַשאַפן אין 15 טן 16 טן, 17 טן, 18 טן י״ה א ליטעראַטור א ברייטע, א ווײַט־פאַרצווײַגטע, וואָס האָט באַפרידיגט זייערע גײַסטיגע באַדערפעגישן. און ס'איז א גרויסער טעות, אַז פאַר יידישע גײַסטיגע באַדערפענישן זײַנען יעמאָלט געגוג געווען טײַטש־חומש און מוסר־ספרים. ס'איז א ווילדע אײַנריידעניש, אַז ביז דער עמאַנסיפּאַציע איז דער ייד געווען כולו רוחניות און האָט נאָר געקלערט וועגן תורה און מצוות. גאָט צו דאַנקען, די וועלט־פרעמדקײַט פון יידן איז אַלעמאָל געווען א סך קלענער, ווי מען פּרובט אונז אײַנשמועסן, און דווקא די יידישע ליטעראַטור, וואו ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס טאָג־טעגליכע לעבן פון יידישן פאָלק, גיט אונז די בעסטע ראיות, אַז אין געטאָ האָט מען אויך געוואוסט, וואָס הייסט ליבע און לעבן און לעבנסלוסט. געוויס, די שרײַבער פון די ספרים זײַנען געווען דאָס רוב אַסקעטיש געשטימט — אָבער דער ייד פון א גאַנץ יאָר האָט געהאַט א געזונטן חוש צום לעבן, און דאָס יונגוואַרג האָט זיך אַפילו הינטער די געטאָ־מויערן געקוויקט מיטן ביסל זון, וואָס פלעגט אַהין אַרײַנדרינגען.

דעריבער איז אונזער עלטערע ליטעראַטור ניט קיין זאַמלונג פון רעליגיעזע און מוסר־ספרים אַליין. מיר האָבן גרויסע און קליינע היסטאָרישע ווערק (סײַ אין פּראָזע, סײַ אין גראַמען), מיר האָבן מעשיות און לעגענדעס, פילאָסאָפישע און מעדיציניש ווערק, געאָגראַפיעס און רײַזע־באַשרײַבונגען, דראַמאַטישע סצענעס און מעמואַרן, און אפילו כיראָמאַנטישע לערנביכער און באַאַרבעטונגען פון באָקאַטשיאָס «דעקאַמעראָן».

דערהויפּט איז רײַך די צאָל היסטאָרישע פּאָעמעס. דאָס רוב דערציילן זיי וועגן עפּעס אַ גזירה, א גירוש, א שׂרפה, און אַזעלכע טעמעס האָבן דאָך קיינמאָל ניט געפעלט.

די «מגילת־ווינץ», וואָס מיר דרוקן דאָ איבער, איז, הייסט עס, ניט קיין צופאַל־ווערק, און איידער עס איז צונויפגענומען און פובליקירט אונזער גאַנצער ליטעראַרישער אוצר, קאָן מען זיך אפילו ניט אונטערנעמען צו זאָגן, אַז דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן פון דעם מין. אָבער איינס דערקענט מען בפירוש: אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט

א קונסטווערק· און וואָס מער מען לייענט זיך אַרײַן (מען טאָר זיך ניט אָפּשרעקן, אויב אין אָנהייב גייט דאָס צו א קאַפּעלע שווערליך), אַלץ מער דערשפּירט מען די מעלות פון דער פּאָעמע·

געוויינטליך, איטליך ליטעראַריש ווערק דאַרף מען מעסטן מיט דער מאָס פון דער עפּאָכע, ווען דאָס איז אָנגעשריבן געוואָרן, און מען טאָר ניט זוכן אין דער פּשטות פונם שרײַבער פון 17טן י״ה די ראַפינירטע טעכניק פון אונזער מאָדערנער פּאָעזיע· אָבער פּרובט למשל צוגלײַכן אונזער «מגילה» צום דײַטשן היסטאָרישן שיר, וואָס באַהאַנדלט די זעלביגע געשעהעניש און איז מסתמא אָנגעשריבן אינם זעלביגן יאָר·[1] וועט איר זעהן, ס׳אַראַ גוואַלדיגער מהלך עס איז צווישן די הילצערנע גע׳מלאכה׳טע דײַטשע גראַמען, וואָס האַקן אָפּ א שורה נאָך א שורה אָהן שום אינעווייניגסטן געפיל, און דער יידישע פּאָעמע, אין וועלכער עס שפּירט זיך די נשמה פון אַן אמת׳ן דיכטער· הגם אונזער מחבר איז אויך ניט אַלעמאָל באַלעבאָס אויף דער פאָרם און טעכניק· דער העברעאישער טעקסט פון דער «מגילה», וועלכן דער זעלביגער מחבר האָט אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט צוזאַמען מיטן יידישן, איז אויך א סך שוואַכער, עס פעלט אים די אוממיטלבאַרקײַט, וואָס דאָס יידישע ווערק האָט אין זיך·

2· די היסטאָרישע פאַקטן[2]

פראַנקפורט בײַם מאַין, אַן אַלטער יידישער ישוב, האָט פון מיטן 16טן י״ה שוין געהאַט א היפשע קהילה· די יידן האָבן געוואוינט אין דער «יידישער גאַס», וואָס פלעגט פאַרשלאָסן ווערן אַלע בײַנאַכט און אויך אין יום־טובים און חגאות· אין דער צײַט, ווען ס׳געפאַלן די געשעהענישן,

[1]) אָפּגעדרוקט: דער אָנהייב בײַ שודטן Jüdische Merckwürdigkeiten etc., טייל II, בוך VI, קאַפּ· 5 (זײַט 65—68); דער סוף אין Zeitschrift für die Geschichte der Juden in Deutschland, herausgegeben von Ludwig Geiger, B. V (1892), S. 24—26·

[2]) אין דער פּאָעמע גופא זיינען די פאַקטן באַלויכטן ניט גלײַכמעסיג: א טייל האָט מער אינ־טערעסירט דעם מחבר, א טייל ווינציגער, אַחוץ דעם איז די פאָרגעשיכטע אינגאַנצן ניט באַרירט· דער דאָזיגער קאַפּיטל וויל נאָר דערגאַנצן און אַוועקשטעלן אין א ריכטיגערער באַלויכטונג די פּאָעמע; איך בין ניט אויסן צו געבן דאָ א פולקומע היסטאָרישע באַשרײַבונג· דעריבער האָב איך זיך געמוזט אָפּשטעלן גענויער אויף די לעבנסבאַדינגונגען פון יידן אין פראַנקפורט פאַרן גירוש און אויך אויף מאַנכע געשעהענישן, וואָס די «מגילה» שילדערט ניט גענוג אויספירליך· אַקעגן, וואו דער מחבר פון דער «מגילה» גיט א גענוג בולט׳ן בילד (למשל, בײַ דער באַשרײַבונג פונם עצם פּאָגראָם), דאָרט האָב איך זיך געמעגט באַנוגענען מיט עטליכע שורות·

וואָס ווערן באַשריבן אין דער «מגילה», האָט פראַנקפורט געהאַט א 2000 יידישע נפשות. אין זייער אינעווייניגסטן לעבן זײַנען זיי געווען אינגאַנצן זעלבשטענדיג, נאָר מיט איין תנאי: זיי זאָלן אָפּהיטן די כּללים פון די «פּריווילעגיעס» (אין דער פּאָעמע הייסן זיי «פרײַהײַטן» אָדער «קיומים», אויפן אָפיציעלן לשון Jüdische Stättigkeit). קויפן נחלאות האָבן יידן ניט געטאָרט; צו די צעכן פון די בעלי־מלאכות האָט מען זיי אויך ניט צוגעלאָזן. אויך איז זיי געווען פאַרווערט צו האַנדלען מיט נײַע קליידער, מיט געווירץ, מיט שניט־סחורה א. אז. וו. דער מיין איז געווען א קלאָרער: ווי ווײַט מעגליך באַוואָרענען דעם קריסטליכן האַנטווערקער און קרעמער פון דער יידישער קאָנקורענץ. דעריבער איז בײַ יידן געבליבן סוף־כּל־סוף נאָר איין פּרנסה: אויסלײַען געלט אויף פּראָצענט. אין די תקנות זײַנען אויס־גערעכנט די פּאָרמאַליטעטן וועגן ארויסגעבן די הלוואות און וועגן די שטרות, ס׳זײַנען דערמאָנט זאַכן, וואָס יידן טאָרן בשום־אופן ניט נעמען פאַר משכּנות (זאַכן, וואָס באַלאַנגען צום שטאָטישן ראָט, קלויסטערשע חפצים א. ד. ג.) פאַר עובר זײַן אויף די תקנות איז געקומען א האַרבע שטראָף, נאָר בעצם איז נעמען וואָכער געווען א כּשר׳ע פּרנסה. דער שטאָטישער ראָט גופא פלעגט אַנטלײַען די יידן (אויף פּראָצענט, גע־ווינטליך) געלט אַלס «אויסקער־קאַפּיטאַל», און יידן האָבן געמוזט, כּדי צו געניסן עפּעס דערפון, נעמען פון זייערע קליענטן נאָך גרעסערע ריווחים. יידן האָבן געמעגט נעמען 12 פּראָצענט, אין דער צײַט ווען קריסטן איז געווען ערלויבט ניט מער ווי 6. אמת, די קאָנקורענץ צווישן יידן גופא איז געווען גרויס, מלווים זײַנען געווען א סך, און דעריבער פלעגט דער פּראָצענט אָפטמאָל געמינערט ווערן; נאָר פונדעסטוועגן איז די קריסטליכע באַפעלקערונג געווען שטאַרק אויפגעבראַכט, ווײַל זי האָט ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסן פון דעם, אַז די מאַכט «פּראָטעזשירט» די יידן נאָר צוליב דעם, כּדי זיי דערנאָך בעסער צו באַרײַסן.

זייער גרויס איז אויך געווען די אומצופרידנקײַט פון די קריסטליכע בעלי־מלאָכות און קרעמער, ווײַל ניט געקוקט אויף אַלע איסורים האָבן זיך יידן פאַרט (שטילערהייט) פאַרנומען אי מיט מלאָכה, אי מיט מסחר. אין די אַקטן פון יענער צײַט געפינען זיך אָהן א שיעור פּעטיציעס וועגן דער יידישער קאָנקורענץ. די שנײַדער האָבן טענות, אַז אין דער יידישער

גאַס זײַנען פֿאַראַן פּעק נײַע קלײדער; די זײַדנס־און געוואַנט־קרעמער קלאָגן זיך, אַז יידן רײַסן אַרויס בײַ זיי דעם ביסן ברויט פֿון מויל. יידן האָבן, פֿאַרשטייט זיך, אויך ניט געשוויגן און ענערגיש זיך פֿאַר־טיידיגט.

בײַ דער קריסטליכער באַפֿעלקערונג איז גרויס געווען דער פֿאַרלאַנג פּטור צו ווערן אינגאַנצן פֿון יידן. און היות דער שטאָטישער ראָט איז געווען אויפֿן צד פֿון די יידן, האָט מען אָנגעהויבן העצן קעגן דעם ראָט אויך.

די פֿירער פֿון דער באַוועגונג זײַנען געווען: דער לעקעך־בעקער (גע־וועזענער «שרײַבער», ד״ה ווינקל־אַדוואָקאַט) ווינצענץ (ווינץ־האַנס) פֿעטמילך, דער שנײַדער קאָנראַד שאָפּ און דער סטאָליער קאָנראַד גערנגראָס. זיי האָבן גערופֿן דאָס פֿאָלק צו מאָנען בײַם ראָט, אַז מען זאָל פּובליקירן די «פּריװילעגיעס» — די פּריוויליעגיעס, וואָס די פֿרײַע שטאָט פֿראַנקפֿורט האָט באַקומען בײַם קיסר; זיי האָבן פֿאַרלאַנגט צו וויסן גענוי, וואָסערע רעכט און וואָסערע התחייבות׳ן זיי האָבן. ווײַטער האָבן זיי געפֿאָדערט, מען זאָל פֿאַרקלענערן די צאָל יידן און פֿאַרווערן זיי צו נעמען אַ הויכן פּראָצענט; זיי האָבן געפֿאָדערט אַ דין־וחשבון אויף די שטאָטישע געלטן. דער ראָט האָט אָפּגעצויגן דעם ענטפֿער; אַן אַפּעלאַציע פֿון די בירגער צום קיסר האָט אויך ניט געהאָלפֿן.

דאָ האָט זיך אין פֿראַנקפֿורט אָנגעהויבן אַ מהומה; צײַטנווײַז האָט גע־שטורעמט, צײַטנווײַז איז געוואָרן אַ ביסל שטילער, נאָר רויִק איז שוין ניט געוואָרן אין משך פֿון עטליכע יאָר. איינמאָל האָט זיך דער המון אַרײַנגעריסן אין «ריימער» (ראָטהויז), געמאָנט די פּריוויליעגיעס, אויס־געקליבן אַן אייגענעם בירגער־קאָמיטעט. דער שטאָטישער ראָט איז געגאַנגען אַ ביסל אויף הנחות, נאָר גלײַכצײַטיק געבעטן הילף בײַם קיסר. קיסר מאַטיאַס ווידער האָט איבערגעגעבן די זאַך זײַנע קאָמיסאַרן, דעם אַרציביסקופּ פֿון מאַינץ און דעם לאַנדגראַף פֿון העסן. זיי האָבן געהייסן מאַכן אַן אויספֿאָרשונג, און דורך דעם האָט זיך די זאַך ווידער פֿאַרצויגן אויף לאַנגע חדשים. די קאָמיסאַרן האָבן געפּרובט פּסק׳ענען לטובת די יידן, נאָר קיינער האָט זיי ניט געפֿאָלגט. פֿאַרקערט, די אויפֿרעגונג איז געוואָרן וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער.

די יידישע באַפעלקערונג האָט די גאַנצע צײַט געליטן פון דער הפקרות פון המון; נאָר די אמת'ע צרות פאַר יידן האָבן זיך אָנגעהויבן אין 1614. אום שבועות האָט שוין איינמאָל געהאַלטן דערבײַ, אַז אָט־אָט רײַסט זיך דער המון אַרײַן אין די יידישע הײַזער. יעמאָלט איז נאָך אַריבער בשלום, נאָר מיט עטליכע חדשים שפּעטער האָט זיך געטראָפן דאָס אומגליק.

דעם 22 טן אויגוסט האָט זיך אָנגעהויבן א שטורעם אויף דער יידישער גאַס; אויף מאָרגן האָבן זיך די מורדים אַרײַנגעריסן אין די טויערן. מען האָט געראַבירט א גאַנצן מעת־לעת נאָכאַנאַנד, און קיין איין ייד איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן. דעם 23 טן האָט מען ענדליך געטון די יידן א «טובה»: מען האָט זיי ערלויבט צו פאַרלאָזן די שטאָט; זיי זײַנען אַוועק אין די נאָהענטע קהילות. סך־הכל האָט מען געציילט אַרויסגייענדיק פון טויער 1380 יידן; אַנדערע זײַנען נאָך געבליבן באַהאַלטן אין שטאָט און זײַנען אַוועק א ביסל שפּעטער.

איצט האָט זיך אַרײַנגעמישט דער קיסר. ער האָט געגעבן א באַפעל, מען זאָל אַרעסטירן די אָנפירער פון דער מרידה. פונדעסטוועגן זײַנען אַוועק דרײַ חדשים, און מען האָט געמוזט אָנווענדן שטרענגע רעפּרעסיעס קעגן פראַנקפורט, ביז וואַנען עס האָט זיך אײַנגעגעבן אַרײַנצוזעצן אין תפיסה פעטמילכן און זײַנע חברים. די יידן האָבן פונדערווײַטנס געוואַרט מיט האַרצקלאַפּעניש אויפן רעזולטאַט פון דער אויספאָרשונג; אָבער ניט אַזוי גיך איז זיי באַשערט געווען אומצוקערן זיך אַהיים. דער קיסר האָט אַפילו שוין אין 1614 פאָרגעלייגט די קאָמיסאַרן זײַנע, אַז מען זאָל די יידן אומקערן קיין פראַנקפורט, נאָר די קאָמיסאַרן האָבן געהאַלטן, אַז ס'איז נאָך צו פריי. אין סעפּטעמבער 1615 איז ענדליך אַרויס א באַפעל, אַז פראַנקפורטער יידן מעגן זיך אומקערן אַהיים. די יידן האָבן אָבער נאָך מורא געהאַט, און דעריבער האָבן די פּרנסים (פאָרשטייער פון דער קהילה) באַשטימט ע"פ גורל פערציג פערזאָן, און מען האָט זיי אַרויס־געגעבן די שליסלען פון דער יידישער גאַס און פון דער שול.

אין משך פון גאַנצן ווינטער האָט מען געאַרבעט אויף פאַרריכטן די צעשטערטע הײַזער, און דערווײַל איז געגאַנגען די געריכטליכע אויס־פאָרשונג קעגן די אָנפירער פונם אויפשטאַנד. דעם 21 טן פעברואַר 1616 איז אַרויס א הודעה פון די קאָמיסאַרן, אַז דעם 28 טן וועט מען מקיים

זײַן דעם פּסק־דין; מען האָט געהייסן דעם תּלין זײַן גרייט צום באַ־שטימטן טאָג. צו די פראַנקפורטער יידן איז אַרויס א באַפעל, אַז זיי זאָלן זיך אויפקלײַבן דעם 28טן אינדערפרי פאַרן באָקנהיימער טויער און וואַרטן וואָס מען וועט זיי הייסן.

אין דעם באַשטימטן טאָג איז פאָרגעקומען די עקזעקוציע איבער די מורדים, און דערנאָך האָט מען די יידן מיט גרויס פּאַראַד אַרײַנגעפירט אין געטאָ. די פּרטים וועגן דעם זײַנען דערציילט אין דער «מגילה» גופא. בכלל גיט די «מגילת ווינץ» (אחוץ עטליכע ניט־קלאָרע ערטער) א זעלטן געטרײַען בילד פונם גירוש און פונם אומקער אַהיים.

פאַר א זכר צו דער פאַרטרײַבונג און צו דער אויסלייזונג זײַנען אין פראַנקפורט באַשטימט געוואָרן, כּנהוג, געדענקטעג. כ״ז אלול איז פאַרבליבן א תּענית, דער «תּענית גירוש», א צווייטער תּענית איז באַ־שטימט געוואָרן אויף י״ט אדר, דעם טאָג ערב דעם צוריק־פירן, מחמת מען האָט דאַן מורא געהאַט פאַר אומרוען; דאָס איז דער «תּענית־ווינץ». אויפן צווייטן טאָג, ד״ה כ׳ אדר, איז באַשטימט געוואָרן דער פרייליכער «פּורים ווינץ». אין דעם גליקליכן טאָג פלעגן יידן לייענען מיט זייערע קינדער די «מגילת־ווינץ», ווײַזן זיי דעם אָרט אויפן מאַין־בריק, וואו מען האָט אויפגעהאַנגען פעטמילכס אָפּגעהאַקטן קאָפּ; און צו שחרית פלעגט דער חזן זינגען דעם «אדון עולם» ביז «ולא אירא» גאָר מיט אַן אַנדער ניגון ווי אַלעמאָל, האָפערדיג און פריילעך.

די דאָזיגע געדענק־טעג האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביז דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.[1]

### 3. דער מחבר פון מגילת־ווינץ און זײַן קינסטלערישע טעכניק

דער מחבר פון אונזער «מגילה» שטאַמט פון א חשוב׳ער פראַנקפורטער פאַמיליע העלן, וואָס האָט נאָך געהאַט דעם בײַנאָמען ווערטהיימער;

[1]) א גענויע שילדערונג פון די פראַנקפורטער געשעהענישן 1614—1616 קאָן מען געפינען בײַ קראַקויער, אָפּגעדרוקט אין: Die Juden Frankfurts im Fettmilchschen Aufstand, Zeitschrift f. d. Geschichte der Juden in Deutschland, her. von L. Geiger, ב׳ IV (זז׳ 127—169, 319—365) און באַנד V (ז׳ 1—26). — וועגן די געדענקטעג דערציילט שודט (טייל II, בוך VI, קאַפּ׳ 5, ז׳ 55). — אַ דערציילונג פון די פאַקטן איז פאַראַן אויך אין «העבר», בוך II (פּעטערבורג) פון מ׳ קולישער. אין דעם מאמר זײַנען געבראַכט אויסצוגן פון «מגילת ווינץ» אויך, פונם העברעאישן טעקסט; וועגן דער יידישער פאָעמע איז דאָרט אַפילו ניט דערמאָנט.

שודט דערציילט וועגן דעם אין זײַנע «Jüdische Merckwürdigkeiten»·
ער אַליין, אלחנן בר אברהם העלן, איז געווען א תלמיד־חכם; ער
האָט אָנגעשריבן די מגילת־ווינץ אויף העברעאיש און יידיש· א סברא,
אַז דאָס איז ניט זײַן איינציג ווערק; לויט ווי שטיינשנײַדער איז משער,
איז ער דאָס יענער «אלחנן פראַנקפורט», פון וועמען ס'איז אַרויס אין
לובלין (1624) די פּאָעמע «שיר וזמר נאה על אורך הגלות», אויך אויף
העברעאיש און יידיש· אין וועלכן יאָר ר׳ אלחנן איז געבוירן געוואָרן,
ווייסן מיר ניט; געשטאָרבן איז ער, לויט געוויסע סימנים, ניט שפּעטער
ווי אין 1624־טן יאָר·[1]

אָט דאָס איז אַלץ, וואָס עס איז אונז באַוואוסט וועגן דעם מחבר פון
אונזער ווערק· כמעט ווי גאָרנישט! אַזוי איז שוין דאָס מזל פון די
שרײַבער, וואָס האָבן געשריבן אין יענע צײַטן, ווען אין דער ליטעראטור
האָט געגאָלטן נאָר דאָס טיפּישע, די סכעמע· אין משך פון גאַנצן מיטל־
עלטער (אַזוי איז אומעטום, ניט נאָר בײַ יידן, מערניט מיט דעם אונטערשייד,
וואָס בײַ אונז גרייכט דער מיטלעלטער ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע)
איז די פּערזענליכקײַט אונטערגעדריקט; עס קאָן זיך ניט אַרויסווײַזן אין איר
פולער מאָס די קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט, און ממילא איז ניטאָ
קיין אינטערעס צום קינסטלער· אי דער לעזער, אי דער שרײַבער זײַנען
געבונדן דורך דער טראַדיציע· דער זשאַנר איז א פעסטער, די קינסטלע־
רישע גענג זײַנען שוין אויך באַשטימט פון פריער; די אייגנאַרטיגקײַט
און פאַנטאַזיע פונם דיכטער באַוועגן זיך גאָר אין שמאָלע גרעניצן·
פאַראַן זאַכן, וואָס מוזן זײַן — אַניט איז דאָס ווערק קיין ווערק ניט·
אָט פונקט ווי פראַנקפורטער יידן האָבן געוואוסט, אַז צום זכר פון גירוש
מוזן זיי באַשטימען א פורים[2], אַזוי איז געווען אָנגענומען, אַז לכבוד
אַזאַ געשעהעניש זאָל מען אָנשרײַבן א ווערק אין גראַמען, און מען זאָל
דאָס דערנאָך זינגען· וועגן א נײַער קינסטלערישער טעכניק קלערט מען
ניט· פאַראַן א באַליבטער ניגון: «די שלאַכט פון פאַוויע» — פאַסט
ר׳ אלחנן צו זײַן שיר צו דעם ניגון; פאַראַן א באַליבטע פּאָעמע «מגילת

[1] Steinschneider, Catal. libr. Hebraeorum in Biblioth. Bodleiana, באַנד I, ז׳ 921·

[2] שטיינשניידער ווייס צו פאַררעגיסטרירן פון פאַרשיידענע מקורים ניט ווייניגער ווי 22 אַזעלכע פורימס אין פראַנקרײַך, אין שפּאַניע, אין דײַטשלאַנד און אַפילו אין צפון־אַפריקע (Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums, 47, p. 282—286)·

אנטיוכס» — ווייס ר׳ אלחנן, אַז פאַר זײַנע לעזער וועט דאָס זײַן די בעסטע מתנה, אויב ער וועט זיך שוין אינם טיטול סומך זײַן אויף «מגילת אַנטיוכס». די נאָרמע האָט געפאָדערט, אַז א היסטאָרישע דיכטונג זאָל קודם כּל לויבן דעם בורא; אַזוי טוט דאָס די «מגילת אנטיוכס», וואָס הייבט זיך אָן: «גוט (גאָט) דען הערן וויל איך לוֹבן, גאָר גרוֹש זיין זייני וואונדר» און אַזוי טוט, פאַרשטייט זיך, דער מחבר פון «מגילת־ווינץ». און ווען ער נעמט זיך שפּעטער צו אַן אַנדער ווערק, צום «שיינעם ליד און געזאַנג וועגן דער לענג פון גלות», קלערט ער צו א נײַע וואַריאַציע: «מיינם גוט (גאָט) טוא איך לוֹבן אונ׳ זינגן אויף דיזר וועלט דער גרינגן» — אָבער אַז מען קאָן זיך אפשר באַגיין אָהן אַזאַ אַרײַנפאָר, דאָס קומט אים גאָרניט אַרויף אויפן זינען. א היסטאָריש ליד מוז בעטן צום סוף, אַז משיח זאָל קומען וואָס גיכער — פאַרגעסט דאָס חלילה ניט ר׳ אלחנן. ווען דאָס ליד ברענגט די דאַטע, איז אָנגענומען צו שרײַבן: «דא מען ציילט (אַזוי און אַזוי פיל) יאָר»; שרײַבט טאַקע די «מגילת ווינץ» אויך: «דא מֶן צֵילט שע״ב...» או אַזוי ווײַטער, און אַזוי ווײַטער.

דער מיטלעלטער האָט בכלל ניט געהאַט יענעם באַגריף וועגן אָריגי־נעלקײַט, וואָס מיר האָבן הײַנט. די יידישע ליטעראַטור האָט גענומען דעם מיטלעלטערישן שניט בײַ די דײַטשן, די דײַטשן ווידער — בײַ די האָלענדער, פראַנצויזן און איטאַליענער. די דײַטשן, פראַנצויזן, ענג־לענדער און איטאַליענער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט שרײַבן לאַטײַ־נישע שירים, זײַנען לכתחילה געווען זיכער, אַז בעסער פאַר ווערגיליוסן און האָראַציוסן וועלן זיי דאָס ניט מאַכן, און זייער העכסטע אַמביציע איז געווען — צונויפשטעלן א שיר דורכאויס פון פסוקים פון די רוימישע קלאַסיקער; און פלעגן זיי זיך נעמען צו זייער מוטערשפּראַך, איז פאַר זייערע אויגן אַלץ געשטאַנען דער לאַטײַנישער אידעאַל. דאָס איז דער סטיל פון א גאַנצער גרויסער היסטאָרישער תקופה, און די יידישע און העברעאישע ליטעראַטורן זײַנען ניט געשטאַנען מחוץ למחנה. דאָס עפנט אויף אַן אינטערעסאַנטן אויסבליק אויף די ליטעראַרישע באַציאונגען צווישן יידן און ניט־יידן אין די צײַטן פון מיטלעלטער. צווישן דעם גײַסטיקן לעבן אויף דער און אויף יענער זײַט געטאָ־וואַנט איז געווען א סך א גרעסערע קרובה׳שאַפט, איידער מען איז אָפּטמאָל נוטה צו מיינען —

### 4· די מעטריק פון דער «מגיכה»

די מעטריק פון «מגילת ווינץ» איז פשוט און קלאָר און שטייט אפשר אויף א העכערער מדרגה׳ ווי די דורכשניטליכע דײַטשע פּאָעזיע פון יענער צײַט· עס איז יענע ריטמיק׳ וואָס מיר געפינען נאָך ביז הײַנטיקן טאָג גאַנץ אָפט אין אונזער פאָלקס־פּאָעזיע·

דער יסוד איז די מוזיקאַלישע אײַנטיילונג אין סטראָפעס׳ יעדער סטראָפע באַשטייט פון א גלײַכער צאָל פערזן׳ יעדער פערז פון א גלײַכער צאָל טאַקטן· איטליכער טאַקט פאָדערט פאַר זיך בײַם לייענען און בײַם זינגען פונקט אַזוי פיל צײַט׳ ווי איטליכער אַנדערער טאַקט פון דעם שיר· נאָר אין דעם טאַקט גופא איז ניט וויכטיג די צאָל טראַפן (זילבן)· עס קאָן זײַן מער אָדער ווינציגער· אויב מער טראַפן׳ פארניצט מען אויף יעדער טראַף ווייניגער צײַט׳ אויב ווינציגער טראַפן׳ ציט מען איטליכן טראַף מער פונאַנדער — דער עיקר איז נאָר׳ אז די צײַט פון איין טאַקט זאָל זײַן געגליכן צו דער צײַט פון אַלע אַנדערע טאַקטן[1]· אָפטמאָל קאָן אפילו טרעפן׳ אַז א טאַקט איז שפּראַכליך ניט פאַרווירקליכט׳ ד״ה עס פעלן אין אים טראַפן׳ נאָר מוזיקאַליש בלײַבט דער טאַקט פאַרט א טאַקט׳ ער ווערט אויסגעפילט דורך א פויזע· דער אָנהייב פון טאַקט רעכנט זיך אַלעמאָל פונם אַזוי גערופענעם «גוטן» טאַקט־טייל׳ ד״ה פון יענעם טראַף׳ אויף וועלכן עס שטייט די טראָפּ׳ די באַטאָנונג· פאַרן ערשטן טאַקט מעג נאָך שטיין דער «אויפטאַקט»׳ אַן אומבאַטאָנטער טראַף׳ אַמאָל אפילו צוויי אומבאַטאָנטע טראַפן·

אָט די אַלגעמיינע פרינציפּן פון געזונטן פערז־בוי זײַנען דורכאויס דורכ־געפירט אין «מגילת־ווינץ»· איטליכע סטראָפע באַשטייט פון 8 פערזן׳ וואָס גראַמען זיך לויט דער סכעמע: 1—3׳ 2—4׳ 5—7׳ 6—8· איטליכער פערז באַשטייט פון צוויי $^4/_4$־טאַקטן· אַ טייל הייבונגען איז ניט פאַרווירק־

---

[1]) דאָס וואָס מען מאָנט בײַ אונזערע מאָדערנע דיכטער א רעגלמעסיגן בײַט פון הייבונג און פאַלונג (ד״ה באַטאָנטע און אומבאַטאָנטע טראַפן) און מען וויל בײַ זיי דווקא אויסגעפינען יאַמבוסן׳ כאָרעאוסן׳ דאַקטילוסן א· ד· ג·׳ איז גענאַשט פון דער פרעמד׳ אומהיסטאָריש ביז גאָר׳ צו־געפּאַסט צו גאָר אַנדערע שפּראַכליכע פאַרהעלטענישן· יידיש באַלאַנגט צו יענע שפּראַכן׳ וואָס דער טאַקט איז פאַר זיי די איינציגע מאָס אין דער פּאָעזיע· א געזונטע טעאָריע פון דער יידישער מעטריק באַדאַרף זיך גרינדן אויף צוויי זײַלן: אויף דער אַלטער יידישער ליטעראַטור און אויף דעם יידישן פאָלקסליד·

ליכט און ווערט אויסגעפּילט דורך א פּויזע. למשל אין סטראָפע א׳, פערז 1 האָבן מיר פּיר באַטאָנטע טראַפן:

איך וויל דערציילן גאָטס[1] שטערק.

דאס אייגענע אין סטראָפע ח׳, פערז 1:

מיר האָבן געהאַט א גראָסע עת־צָרה.

און אַזוי ווײַטער; דער כּלל איז, אַז פערז 1 און 5 פון יעטווידער סטראָפע האָבן אַלעמאָל אַלע 4 הייבונגען פאַרווירקליכט. אַקעגן, אין די אַנדערע פערזן ווערט זייער אָפט א הייבונג פאַרביטן דורך אַ פּויזע. למשל, סטראָפע א׳ פערז 3:

זײַן קראַפט און אויך זיינע ווערק

אָדער סטראָפע ב׳, פערז 3:

דערוועקט זיך איין גראָסער שטרייט

«אויפטאַקט» איז אויך א זאַך, וואָס דער מחבר פון «מגילת־ווינץ» האָט זייער ליב; מיר געפינען דאָס כּמעט אין אַלע פערזן. סטראָפע א׳, פערז 1: «איך וויל דערציילן...»; פאַר דער ערשטער טראָפּ «וויל» שטייט נאָך «איך», וואָס מען מאַכט אָפּ אין לייענען און זינגען בקיצור; דאָס איז דער אויפטאַקט. אויך א צווייטראַפיגער אויפטאַקט איז ניט זעלטן; טאַקע באַלד מיט א שורה ווײַטער האָבן מיר:

«זײַנע וואונדער און צייכן די גראָסן;»

דאָ שטייען פאַר דער ערשטער טראָפּ צוויי אומבאַטאָנטע טראַפן «זײַ־נע», ד״ה מיר האָבן דאָ א צווייטראַפיגן אויפטאַקט. ס׳טרעפט אפילו א פיל־טראַפיגער אויפטאקט (סטראָפע טו׳, פערז 5).

אַלצדינג, וואָס איז דאָ געבראַכט פון דער מעטריק, דאַרף נאָר דינען אויף צו דערקלערן און צו אילוסטרירן; בשום־אופן זײַנען דאָס ניט קיין כּללים, וואָס מען דאַרף אײַנ׳חזר׳ן, איידער מען נעמט זיך לייענען די

[1] אָדער «גאָטעס», ווי וואַגענזייל וויל האָבן?

פּאָעמע. דאָס איז טאַקע די מעלה פון דעם מין פּערז־בוי: גענוג צו לייענען נאַטירליך, ווערט שוין זײַן ריכטיג[1].

### 5. אויסגאַבן פון «מגילת־ווינץ»

די «מגילת־ווינץ» איז אַרויסגעגעבן געוואָרן א סך מאָל סײַ אויף העברעאיש, סײַ אויף יידיש. דער ערשטער דרוק איז אַרויס (איןביידע שפּראַכן גלײַכצײַטיג), אָהן א יאָר און אָהן א שטאָט; שטיינשניידער איז משער, אַז דאָס איז פאַרעפנטליכט באַלד נאָך דער ליקווידאַציע פון גירוש, אין 1616 טן יאָר[2]. דאָס צווייטע מאָל איז עס געדרוקט געוואָרן 1648 אין אַמסטערדאַם; אַרויסגעבער איז געווען, ווי דאָס איז צו זעהן פונם העברעאישן טייל פון שער־בלאַט, דעם מחבר׳ס אייניקל אלחנן בן נפתלי. לויט ווי ער דערציילט, איז די «מגילה» געוואָרן אַזוי זעלטן, אַז מען נעמט שוין פאַרגעסן די פאַקטן; דעריבער דרוקט ער דאָס, כדי עס זאָל זיין אַן אָנדענק פאַר די קומענדיגע דורות. די אַמסטערדאַמער אויסגאַבע ברענגט אויך אי דעם העברעאישן, אי דעם יידישן טעקסט. בלויז אויף העברעאיש איז די מגילה איבערגעדרוקט אין «צמח דוד» פון דוד גאַנז[3]; נאָר אויף יידיש — איז זי אַרויס אין א באַזונדער אויסגאַבע פראַנקפורט־מאַין 1696 און אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער יידישער איבערזעצונג פון «צמח דוד», פראַנקפורט־מאַין 1698.

די אויסגאַבע פון 1648 איז אויך איבערגעדרוקט געוואָרן אין יידיש־טײַטשע כרעסטאָמאַטיעס, וואָס קריסטן האָבן אַרויסגעגעבן: איינמאל בײַ וואַגענזייל׳ן (1699, Belehrung der jüdisch-teutschen Red- u. Schreibart) א צווייטן מאָל בײַ שודט׳ן (1715, Jüdische Merckwürdigkeiten).

שטיינשנײַדער פאַרצייכנט נאָך א יידישע יונגע אויסגאַבע, קראָקע 1879: «מגלה עפה», אַרויסגעגעבן פון אהרן ראָזענליכט, 51 זײַטן אין 8°[4].

[1]) די פּאָר ציטאַטעס אין דעם קאַפּיטל זײַנען געשריבן, לשם גרינגקײַט, ווי ווײַט מעגליך מיט אונזער מאָדערנער אויסלייגונג.

[2]) זעה שטיינשנײַדער, Catalogus librorum Hebr. in Bibliotheca Bodleiana ב. I, ז. 921. — פון דעם אָרט בײַ שטיינשנײַדערן זײַנען אַרויסצוזעהן די טעות׳ן, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט אין ז. רייזענס «לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע», ז. 217: ערשטנס, איז אַן עקזעמפּלאַר פון דער ערשטער אויסגאַבע פאַראַן אין דער באָדלעיאַנאַ (אין אָקספאָרד)׳ צווייטנס, איז זי געדרוקט ניט אין פראַנקפורט, ווײַל דאָרט איז דאַן קיין יידישע דרוק ניט געווען, נאָר אפשר אין האַנוי אָדער אין באַזעל.

[3]) אָנהייבנדיג פון דער אויסגאַבע פון 1692, פראַנקפורט־מאַין.

[4]) שטיינשניידער, Geschichtslit. d. Juden, Abt. I (1905), נומ. 140

### 6· אונזער טעקסט פון דער «מגילה»

בכדי צו געבן דעם לעזער א פולן בילד, ווי אַזוי עס זעהט אויס א יידיש ליטעראַריש ווערק פון 17־טן י״ה, האָב איך איבערגעדרוקט דעם טעקסט מיט דער אויסלייגונג פון יענער צײַט[1]; אין אָנהייב קומט אָן דאָס לייענען א קליין ביסעלע שווערליך, נאָר מען געוויינט זיך צו גאַנץ גיך. ליידער האָב איך ניט געקאָנט באַקומען (ניט געקוקט אויף דער פרײַנד־ליכער מיטהילף פון דער אינפאָרמיר־ביוראָ פון די דײַטשע ביבליאָטעקן) ניט די ערשטע אויסגאַבע און ניט די אויסגאַבע פון 1648· איך האָב דעריבער געמוזט צוריק־קאָנסטרואירן דעם אָריגינאַל־טעקסט ע״פ די איבערדרוקן, וואָס זײַנען פאַראַן בײַ וואַגענזייל׳ן און בײַ שודט׳ן· סײַ וואַגענזייל, סײַ שודט זאָגן, אַז זיי האָבן געדרוקט פון דער אַמסטערדאַמער אויסגאַבע פון 1648; און די אַמסטערדאַמער אויסגאַבע ווידער איז מסתמא איבערגעדרוקט פון דער ערשטער אויסגאַבע· פונדעסטוועגן זײַנען פאַראַן גע־וויסע דיפערענצן אין דער אויסלייגונג; מען האָט אין יענער צײַט ניט אַזוי שטאַרק מקפיד געווען אויף יעדער «ע» און «א»· וואַגענזיילס און שודטס חבורים זײַנען געוויס געזעצט פון קריסטליכע זעצער (מען דאַרף זיך דער־מאָנען, אַז אַפילו א סך יידישע מוסר־ספרים פון יענער צײַט זײַנען געזעצט פון קריסטן, מכל־שכן ביכער, וואו דער גרעסטער טייל טעקסט איז דײַטש), און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס שפירט זיך אין זיי די השפעה פון דער ד ײַ ט ש ע ר אָרטאָגראַפיע פון יענער צײַט, וואָס האָט זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון דער יידישער· דערהויפּט מוז דאָס געזאָגט ווערן וועגן שודטן·

אויב מיר ווילן אַרויסבאַקומען דעם נוסח פון דער ע ל ט ס ט ע ר אויס־גאַבע, קאָנען מיר אויפשטעלן אַזאַ מין כלל: אויב בײַ וואַגענזיילן שטייט «הנט» און בײַ שודטן «האנט», דאַרף מען משער זײַן, אַז אין דעם טעקסט, וואָס זיי ביידע האָבן געהאַט פאַר זיך, שטייט יענע פאָרם, וואָס איז ווײַטער פון דײַטש, ד״ה «הנט»·

---

[1]) אָבער ניט מיט דער דעמאָלטיגער שריפט (וואָס הייסט «ווײַבער־טײַטש» אָדער «מַשקֶט»), נאָר מיט אונזער מאָדערנעם אלף־בית· אויך איז אויסגעקומען, צוליב טעכנישע סיבות, צו ניצן ב, כ, פ, ת ניט מיט און אָהן א שטריך, ווי דאָס איז אָנגענומען אין דער גאַנצער עלטערער ליטעראַטור, נאָר דיזעלביגע אותיות מיט א דגש און אָהן א דגש·

וואַגענזייל, דאָס מוז מען זאָגן, איז בכלל געבליבן מער געטרײַ דעם אָריגינאַל, און דעריבער איז אונזער טעקסט פּיל־ווייניג א קאָפּיע פונם איבערדרוק אין וואַגענזיילס «Belehrung». איך קאָן זיך דאָ ליידער ניט פאַרגינען אָנצעווײַזן אַלע ערטער, וואו איך נעם פאָרט אָן אַנדער פאָרם, ווי בײַ וואַגענזייל׳ן, הגם גאָר א שטרענגע קפּדנות פאָדערט, אַז מען זאָל גענוי אָנרופן די אַלע ערטער און ברענגען אַלע טעמים פאַר און געגן. נאָר איין זאַך (וואָס איך וויל, צוליב דוחק אין פּלאַץ, אויך נאָר פאַר־צייכענען, ניט באַגרינדן): אומעטום, וואו בײַ וואַגענזייל׳ן שטייט «דז», «ווז» און «אויז», שרײַב איך «דָש», «וָוש» און «אויש» (דער «ס» איז אין דער עלטערער ליטעראַטור ווינציג־וואָס געניצט געוואָרן).

פּרטים וועגן דער אויסלייגונג אין קומענדיגן פּרק.

7. אויסלייגונג

איך וועל דאָ פאַררעגיסטרירן נאָר יענע אייגנטימליכקײַטן פון דער אויסלייגונג, און פון זיי אויך נאָר די וויכטיגסטע, וואָס זײַנען אין 17טן י״ה געווען אַנדערש ווי הײַנט. אניט וואָלט אויסקומען אַרײַנ־צולאָזן זיך אין אַלגעמיינע באַטראַכטונגען וועגן די פּרינציפּן פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, און דאָס לאָזט זיך ניט מאַכן אגב־אורחא.

מען טאָר זיך ניט וואונדערן, וואָס די שרײַבונג אין דער «מגילה» איז ניט אינגאַנצן אויסגעהאַלטן. אַמאָל שטייט «גינומן», אַמאָל «גנומן»; אַמאָל «גאנץ» און באַלד דערבײַ «גנץ». אין יענער צײַט האָט מען אויף אַזעלכע זאַכן ניט געקוקט אַזוי שטאַרק; אין דער דײַטשער אויסלייגונג פון יענער צײַט איז נאָך א גרעסערער פּלאָנטער, ווי בײַ אונז.

1. עס פעלן א סך וואָקאַלן, ד״ה מען שרײַבט אויפן העברעאישן שטייגער פשוט: הנט, הט, גנץ — אָנשטאָט אונזערע היינטיגע: האַנט, האָט, גאַנץ. דאָס אייגענע: וואונדר, אונטר, גנומן — אָנשטאָט וואונדער, אונטער, גענומען.

איך האָב אין די אַלע פאַלן, וואו עס קאָן זײַן א שוועריגקײַט, צו־געשטעלט נקודות: דָש, בַלד. אין אָריגינאַל זײַנען קיין שום נקודות ניטאָ.

2. צום סוף וואָרט און אין די פאָדערטראַפּן באַ־, גע־ שטייט אָפטמאָל א «י» אָנשטאָט אונזער הײַנטיגן «ע» אָדער «א»: קלייני, שוואכי, גינומן, ביצוואונגן, טיילמאָל, דערהויפּט אין דער ענדונג «ען» פון אינפיניטיוו

און אין פּאָדערטראַף אֶר־ (= דער־) ווערט דער קלאַנג אויסגעדריקט דורך אַן «א»: שרייאַן׳ ארמייאַן (פּשט: דערפרייען)·

די אויסשפּראַך איז אַזוי ווי אינם רוב געגנדן בײַ הײַנטיגן טאָג: ניט קיין קלאָרער e און ניט קיין קלאָרער i·

3· דער «י» באַטײַט אָפּט א צירה: ביז (= בייז)׳ ריד (= רייד)·

טיילמאָל האָב איך צוגעשטעלט נקודות׳ כדי עס זאָל זײַן גרינגער צו לייענען: רײֵד׳ בײֵז·

4· דער שטומער «א» איז אַן אָפטער גאַסט· ווען דאָס וואָרט לאָזט זיך אויס מיט א וואָקאַל׳ איז דאָס אונז ניט קיין חידוש: דיא׳ דוא׳ בייא׳ פרייא שרײַבט מען ניט נאָר אין 17טן י״ה׳ נאָר ביז הײַנטיגן טאָג נאָך אין אַנדערע אַמעריקאַנער אויסגאַבן· אין אונזער «מגילה» באַגעגענען מיר אָבער נאָך עטליכע מאָל דעם שטומען «א» וואָרט־אויס נאָך א קאָנסאָנאַנט אויך׳ למשל: קאפּא (קאָפּ)׳ שאפּא (שאָפּ׳ דער נאָמען פון איינעם פון די שונאי־ישראל)· בדרך־כּלל איז אָבער די דאָזיגע שרײַבונג צום אָנהייב 17טן י״ה שוין פאַרשוואונדן געוואָרן: פריער׳ נאָך ביזן 16טן י״ה׳ איז זי געווען זייער פאַרשפּרייט·

5· דער «ס» איז זייער זעלטן: א סך אָפטער שטייט אָנשטאָט אים «ש»׳ וואָס באַטײַט אי s׳ אי š (דײַטש sch׳ פּויל· sz׳ ענגל· sh)· בײַם לייענען דאַרף מען זיך רעכענען מיט דער הײַנטיגער אויסשפּראַך·

אין קשה׳דיגע פאַלן האָב איך געשטעלט דאָס פּינטעלע אויפן «ש»׳ כדי מען זאָל גרינגער קאָנען דערקענען׳ וואָס מען מיינט·

6· די פּאָדערטראַפן׳ פּרעפּאָזיציעס א׳ אז׳ וו׳׳ ווער רעדט נאָך צו־זאַמענגעזעצטע ווערטער׳ ווערן אין דער גאַנצער עלטערער ליטעראַטור׳ און ממילא אויך אין אונזער «מגילה»׳ געשריבן באַזונדער· למשל: פוס קנעכט׳ פַר לאזן׳ אום פַר צאָגט (ד׳ ה׳ ניט־דערשראָקן)׳ אֶר טאַפּן (דער־טאַפּן׳ ד׳ ה׳ כאַפּן; די נקודות אומעטום אונזערע)׳ אויש רופן·

## 8· אויסשפּראַך

זייער א האַרבער ענין איז די פראַגע וועגן דער אויסשפּראַך פון יידיש אין אַמאָליגע יאָהרהונדערטער· דאָס איז א פראַגע׳ וואָס איז נאָך אין ערגעץ ניט באַאַרבעט געוואָרן· בײַ די דײַטשע יידן׳ וואָס האָבן טראַנס־

קריבירט עלטערע יידישע ווערק מיט לאַטיינישע אותיות (בריל׳ גרינבוים׳ בערלינער א׳ אז׳ וו׳) איז גאָר קיין קשיה ניט׳ אַז די ווערטער קלינגען אַזוי ווי אין היינטיגן דײַטש: tag, das, haben; זיי גייען אַפילו אַזוי ווײַט׳ אַז זיי טראָגן אַריבער די מאָדערנע דײַטשע אָרטאָגראַפיע אין דער טראַנסקריפּציע פון יידיש און שרײַבן stat (שטאָט׳ נאָכן נה״ד stadt)׳ gestorben (מיט s אָנשטאָט š) א׳ אז׳ וו׳.

וועגן דעם קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן. די זאַך איז א סך קאָמפּלי־צירטער; מען דאַרף פעסטשטעלן די אויסשפּראַך לויט יענע מעטאָדן׳ מיט וועלכע מען דערגייט בכלל די אויסשפּראַך פון עלטערע תקופות. איינע פון די וויכטיגסטע ראיות זײַנען די גראַמען. למשל:

אויב אין טעקסט שטייט «הט» צי «האט» קאָן איך ניט וויסן׳ ווי אַזוי מען דאַרף דאָס לייענען: hat אָדער hot. נאָר אויב אין גראַם שטייט «האט» און דאָס גראַמט זיך מיט «נוט»׳ דרינגען מיר אַרויס דערפון באַלד עטליכע זאַכן:

ערשטנס׳ אַז ביידע ווערטער האָבן דאַן געהאַט דעם זעלביגן וואָקאַל׳ ניט אַזוי ווי הײַנט. אָבער וואָסער וואָקאַל? גרינבוים וואָלט געשריבן לויט מאָדערנעם דײַטשן שטייגער hat און not. דאָס איז אַן אומזין׳ ווײַל דאַן וואָלט דאָך דאָס ניט געווען צום גראַם. הײַנט ריידן מיר אַרויס hot און nojt׳ און הײַנט וואָלט קיין איין יידישער דיכטער ניט געשטעלט די צוויי ווערטער אין גראַם. דער אמת איז — און דאָס איז דער צווייטער אויספיר׳ צו וועלכן מיר קומען — אַז יידן האָבן צום אָנהייב 17טן י״ה שוין געזאָגט hot אָדער hât׳ אָבער זיי האָבן נאָך געזאָגט nōt׳ מיט א שוואַכן־u־קלאַנג נאָכן o.

ווען מיר זאָלן האָבן נאָר דעם איין פאַל׳ וואָלטן מיר דערפון׳ געוויינטליך׳ קיין זאַך ניט געקאָנט אָפּלערנען. ס׳וואָלט געקאָנט זײַן א צופאַל׳ א טעות בײַם דיכטער׳ אַן אומפּינקטליכער גראַם און כ׳ווייס וואָס נאָך. אָבער אויב אַזוינע פאַלן חזר׳ן זיך איבער׳ און נאָך דערצו בײַ כאַראַקטעריסטישע גע־לעגנהײַטן׳ קאָן מען דערפון אָפּלערנען זייער פיל.

אַן אַנדער נייטיג הילפסמיטל אויף צו דערגיין די אַלטע יידישע אויס־שפּראַך איז די טראַנסקריפּציע פון יידישע ווערטער בײַ ניט־יידישע שרײַבער׳ מיט ניט־יידישע אותיות.

איך וועל זיך דאָ, צוליב דוחק אין פּלאַץ, ניט אַרײַנלאָזן אין באַ־גרינדן די אַלע אויסשפּראַך־כּללים, וואָס איך גיב; דאָ ברענג איך זײ נאָר, אַחוץ עטליכע ספּעציעל־פראַנקפורטער אייגנטימליכקײַטן, וואָס איך האָב ספּעציעל באַצייכנט, זײַנען די דאָזיגע כּללים חל אויף אַלע יידישע שפּראַך־דענקמאָלן פון 17־טן י״ה.

1. אומעטום, וואו מיר האָבן אין הײַנטיגן ליטווישן יידיש o (פּויליש־יידיש u) להיפּוך צום דײַטשן a, איז שוין יעמאָלט געווען o.

2. עס טרעפן פאַלן, וואו אַזוינע ווערטער, וואָס האָבן הײַנט א בפירוש'ן a אין יידיש, האָבן דאַן אויך געהאַט א קלאַנג, וואָס שטייט אינמיטן צווישן a און o, אַן ערך ווי דאָס שוועדישע å (o מיט מער אָפענע ליפּן). למשל, סטראָפּע כו׳: דערבארמען — derbårmen; סז׳: שטראסן — štråsn (נאָך הײַנט אין גאַליציישן יידיש «שטראָז» štrūz, מיטן פּשט «שליאַך», Land-strasse), מז׳ ווארטן — wårtn (= וואַרטן) א׳ ד׳ ג׳.

דאָס איז אַן אייגנטימליכקײַט פון דער פראַנקפורטער דײַטשער ריידע־ניש, און דאָס איז אַריבער אין פראַנקפורטער יידיש אויך[1]).

3. «ו» קאָן באַטײַטן סײַ u (ווי הײַנט אין ליטווישן יידיש), סײַ o: אַלזאָ «הוט» קאָן באַדײַטן hut און hot. אין אָריגינאַל איז ניטאָ קיין שום גראַפישער אונטערשייד, מען האָט זיך פאַרלאָזן אויפן לעזער, אַז ער וועט זיך אַליין אָנשטויסן. איך האָב אין מאַנכע ערטער צוגעשטעלט נקודות לשם קלאָרקײַט (וּ = u; וֹ = o).

4. אין אַלע יענע פאַלן, וואו דאָס מאָדערנע דײַטש האָט o און דאָס מאָדערנע יידיש «וי» (נויט, ברויט א׳ ד׳ ג׳) דאַרף אין דער «מגילה» געַ־לייענט ווערן o מיט א שוואַכן u נאָכדעם. הייסט עס: no$_u$t און ניט nojt, bro$_u$t און ניט brojt. — דאָרט וואו דאָס מאָדערן־יידישע (ליטווישע) «וי» שטימט מיטן מאָדערן־דײַטשן au, למשל הויז (Haus), אויס (aus), האָט מען מסתמא געזאָגט ou, אַלזאָ: houz, ous. — פּונקט ווי אין פראַנק־פורטער דײַטש פלעגט זיך אויך אין פראַנקפורטער יידיש טרעפן אַן אויס־

---

[1]) מען זעהט אַרויס דערפון, אַז עס שטעקט פאָרט א ביסל אמת אין די (אין תוך פאַלשע) ווערטער, וואָס היינריך היינע שרײַבט אין זיין בערנע־פאַמפלעט: „Was wir in Norddeutschland Mauscheln nennen, ist nichts anderes, als die eigentliche Frankfurter Landessprache, und sie wird von der unbeschnittenen Population eben so vortrefflich gesprochen, wie von der beschnittenen."

שפּראַך פון ā (אַן ערך ווי aa) אָנשטאָט דעם היינטיגן דײַטשן au: kaafen ,laafen ,aach (קויפן, לויפן, אויך) א. אַנד. די פאָרם אַך (āch = אויך) געוועלטיגט כמעט אין דער גאַנצער עלטערער יידישער ליטעראַטור.

דער o, וואָס שטימט מיט אונזער היינטיגן «וי», איז אין דער «מגילה» תמיד געשריבן «ו». איך שטעל ערטערווייז צו פון דײַטליכקייט וועגן א חולם (וֹ).

5. דער אָקאָרשט געבראַכטער כלל איז חל אויך אויף די העברעאישע ווערטער, וואָס האָבן א חולם. מען דאַרף לייענען אין דער מגילה ניט נאָר «סוד» מיט אַן o, ווי מיר זאָגן נאָך היינט, נאָר אויך: tore (תורה), more (מורא) א. אזי. וו.

6. דער «פפ» אין אזעלכע ווערטער, ווי פפייפן, פפארטן א. אזי. וו. דאַרף געוויס ניט אַרויסגערעדט ווערן ווי א p מיט אַן f. גיכער ווי אַלץ איז דאָס א נאָכקרימעניש נאָך דער דײַטשער ליטעראַרישער אָרטאָגראַפיע, מיט וועלכער דער מחבר צי דער זעצער צי דער קאָרעקטאָר איז געווען באַקאָנט. די גלייכסטע זאַך איז לייענען, אַזוי ווי אין היינטיגן יידיש, «פייפן», און מאַכן זיך ניט וויסנדיג, אַז עס שטייט «פפ».

אָט דאָס זיינען די מער וויכטיגע פונקטן פון די אַלט־יידישע אויס־שפּראַך־געזעצן, אויף וויפיל זיי זיינען שייך צו «מגילת־ווינץ».

## 9. גראַמאַטיק

די עלטערע יידישע שפּראַך האָט זיך אירע פאָרמען, אירע געזעצן, וואָס גייען זיך אָפּטמאָל פונאַנדער מיטן היינטיגן יידיש. איך וועל דאָ ברענגען נאָר עטליכע באַמערקונגען, וואָס זיינען אומבאַדינגט נייטיג אויף צו פאַרשטיין ווי ס'געהער צו זיין דעם טעקסט פון אונזער «מגילה».

1. דער אימפערפעקטום, וואָס איז אין היינטיגן יידיש לחלוטין אויסגעשטאָרבן, באַגעגנט זיך גאַנץ אָפּט. אַלזאָ, «ער וואר» (אויסצוריידן מיט å, ד"ה כמעט ווי מיט א קמץ) אָנשטאָט «ער איז געווען», «זיא לאגן» אָנשטאָט «זיי זיינען געלעגן»; «בראכטן» אָנשטאָט «זיי האָבן געבראַכט»; «ער שטאנד» אָנשטאָט «ער איז געשטאַנען» א. אזי. וו.

2. אויך איז ניט זעלטן דער איינפאַכער קאָניונקטיוו (ניט צו־נויפגעשטעלט מיט «וואָלט»), ווי נאָך הײַנטיקן טאָג אין דײַטש: «זיא העטן» = זיי וואָלטן געהאַט; «עש ברעכט» = עס וואָלט געבראַכט א. אז. וו.

3. אָפט באַגעגנט זיך די אַרומגעשריבענע פאָרם פון פּאַרגאַנגענהייט מיט «טון»: ער טעט נעמן = ער האָט געטון נעמען = ער האָט גע־נומען; מיט הוכער שטים טעט ער אויש רופן = האָט ער געטון אויסרופן = האָט ער אויסגערופן.

4. פאַראַן א פאָרם פונם צײַטוואָרט, וועלכע קלינגט הײַנט אינגאַנצן פרעמד: וואר,ווארן[1]) מיטן אינפיניטיוו. למשל, ער וואר זאגן = ער האָט געזאָגט; זיי ווארן נעמען = זיי האבן גענומען. די דער־קלערונג פון דער דאָזיגער מאָדנער פאָרם ליגט אָט־וואו. לכתחילה איז דאָס געווען א קאָנסטרוקציע ניט מיטן אינפיניטיוו, נאָר מיטן פּאַר־טיציפּ פון דער געגנוואַרט. אַלזאָ ניט: «ער וואר זאָגן», נאָר «ער וואר זאָגנדיג» (מה״ד: ër was sagende). די ענגלישע שפּראַך האָט נאָך איינגעהיט ביז הײַנטיקן טאָג די זעלביקע פאָרם, אמת, מיט א ביסל אַן אַנדער ניואַנס. דער ענגלענדער קאָן זאָגן ניט נאָר he is writing, נאָר אויך he was writing, וואָס אויף אונזער אַלטן לשון וואָלט דאָס געמוזט הייסן: «ער וואר שרייבנדיג». דער פשט ווערט קלאָר, ווען מען שטעלט זיך פאָר: ër was sagende = ער איז געווען א זאָגנדיגער = ער האָט געזאָגט.

אין דער מיטלהויכדײַטשער שפּראַך קאָן מען שוין זייער פרי באַ־מערקן א פלאָנטער צווישן פּאַרטיציפּ פון געגנוואַרט און אינפיניטיוו, און ס׳איז פאַראַן א גאַנצע ריי פאַרבינדונגען, וואו דער אינפיניטיוו נעמט קאָנקורירן מיטן פּאַרטיציפּ און שטופּט אים סוף־כל־סוף אַרויס. אַזוי איז מיט דער קאָנסטרוקציע אויך.

די פאַרבינדונג was (שפּעטער war), waren מיטן אינפיניטיוו פאַר־שפּרייט זיך אין מיטלהויכדײַטש אין 14־טן י״ה, אין 16־טן י״ה שטאַרבט זי אָפּ[2]). צי זײַנען די פאָרמען נאָך געווען לעבעדיג אין דער יידישער גערעדטער שפּראַך פון 17־טן י״ה — דאָס איז א פראַגע, וואָס לאָזט זיך נאָך

[1]) אויסשפּראַך: wârn, wâr.

[2]) פּרטים וועגן דעם ביי Wilmanns, Deutsche Gramm. III, 1, §§ 31, 61, 92.

בײַם הײַנטיגן שטאַנד פון דער יידישער שפּראַך־וויסנשאַפט ניט פּאַרענט־
פערן אויף געוויס. ס׳איז א סברא, אַז די פאָרמען זײַנען שוין דאַן אויך
געווען טויט, אין דער לעבעדיגער שפּראַך האָט מען זיי ניט גענוצט.
אָבער עס איז געווען א שאַבלאָן, א פעסטע פאָרמול. מען האָט געמעגט
טויזנט מאָל אין טאָג זאָגן: «ער איז געקומען», נאָר דער שריפטשטעלער
האָט געוואוסט, אַז ווען ער זעצט זיך שרײַבן, דאַרף ער אָנשרײַבן «ער
קאם (å)», און דער לעזער גופא וואָלט אויך נשתומם געוואָרן, ווען ער
וואָלט געפונען די ניט־געקינצלטע פאָרם. האָבן מיר דאָך נאָך הײַנט
אַזעלכע יידן, וואָס ריידן, אַז ס׳איז א פאַרגעניגן צו הערן, און ווי נאָר זיי
נעמען זיך צו דער פען, שפּרינגען מיטאַמאָל אַרויס משונה׳דיגע דײַטש־
מערישע ווערטער.

אַז אונזער שרײַבער האָט אויך געהאַט «ליטעראַרישע» (דײַטשמעריש־
ליטעראַרישע) כוונות, זעהט מען אַרויס פון דעם, וואָס ער ניצט אַזעלכע
ווערטער, ווי אַלז דען, זינד (= זײַנען, אָנשטאָט דער יעמאָלט נאָרמאַלער
פאָרם «זיין»), אלבֶרייט א. אזו. וו. פון דער דאָזיגער טעאָריע, אַז א
דײַטש וואָרט גיט צו חן, זײַנען מיר פּטור געוואָרן ערשט א סך שפּעטער,
אויפן שוועל פון 18־טן צום 19־טן י״ה, און אין שמ״ר׳ס ראָמאַנען האָט זיך
די שיטה נאָך א מאָל פונאַנדערגעבליט אין איר פולער פּראַכט.

### 10. דער כיגרי

«האב איך איין ניגון דרויף גיטראַכט
אז וויא פון פאביא איז דיא שלאכט»,

שטייט באַלד בײַם אַרײַנפאָר אין דער מגילה[1]. די שלאַכט בײַ פּאַוויע
(אין צפון־איטאַליע), פון 1525טן יאָר, וואו די דײַטשן האָבן מנצח געווען
דעם פראַנצויזישן חיל, האָט שטאַרק גערייצט די פאַנטאַזיע פון דײַטשן
פאָלק. ס׳זײַנען אויפגעקומען עטליכע לידער וועגן דער שלאַכט, און די
ניגונים זייערע זײַנען אין משך פון א קורצער צײַט געוואָרן מי יודע ווי
פּאָפּולער. א גאַנצע ריי דײַטשע לידער (אַפילו קלויסטערשע כאָראַלן) פון
סוף 16־טן און אָנהייב 17־טן י״ה זײַנען באַצייכנט מיט די ווערטער: «צו

[1] אַזוי שטייט אויף דער אויסגאַבע פון 1648; אין דער אויסגאַבע פון 1696 זײַנען א פּאָר ווערטער געביטן.

זינגען מיטן ניגון פון דער שלאַכט בײַ פּאַוויע«. ווי מיר זעהען, האָט די מאָדע זיך אַריבערגעכאַפּט צו יידן אויך.

וואָס איז דאָס פאַר א «פּאַוויער־ליד»? א לאַנגע צײַט איז עס געווען פאַרגעסן. ענדליך, נאָך לאַנגע זוכענישן, האָט מען אין 1836 אויסגעפונען דעם טעקסט. נאָר דער ניגון איז ווײַטער געבליבן אומבאַקענט. נאָך אין 1876־טן יאָר האָט דער באַוואוסטער אַווע־לאַלעמאַן (וואָס האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער שפּראַכפאָרשונג אויך), נאָכגעפרעגט זיך אין א זשורנאַל[1], צי ווייס ניט ווער עס איז דעם ניגון פון דער שלאַכט בײַ פּאַוויע. אויף דעם האָט ער באַקומען אַן ענטפער[2] פונם אַקטואַר פון דער יידישער קהילה אין פראַנקפורט־מאַין, עליאַס אולמאַן. אולמאַן דערציילט, אַז «ביז מיט א פאָר יאָר צוריק» פלעגט מען אום «פּורים־ווינץ» (זעה אויבן, אין קאַפּיטל 2) זינגען דעם «אדון עולם» גאָר מיט א באַזונדערן ניגון, און דאס איז טאַקע דער ניגון פון דעם «פּאַוויער־ליד». «מיט עטליכע יאָר צוריק» האָט אולמאַן געלאָזט פאַרשרײַבן דעם ניגון לויטן געזאַנג פון אַן אַלטן חזן. אָט זײַנען די נאָטן, וואָס אולמאַן ברענגט:

אולמאַנס ניגון פון «אדון עולם».



אינם זעלביגן יאָר 1877 איז אָבער אַרויס די באַרימטע זאַמלונג פון Böhme: Altdeutsches Liederbuch, און דאָרט איז אָפּגעדרוקט גאָר אַן אַנדער ניגון פונם פּאַוויער־ליד. בעהמע האָט אים געפונען אין אַלטע לידערביכער פון 16־טן י״ה; שוין דאָס אַליין איז א ראיה, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט א מער עכטערן ניגון. אַחוץ דעם איז פאַראַן נאָך א ראיה: דער טעקסט פונם דײַטשן פּאַוויער־ליד, וואָס בעהמע ברענגט, שטימט לויטן משקל אינגאַנצן מיט דער «מגילת־ווינץ». הייסט עס, מיר מעגן זאָגן: אויף וויפיל מען קאָן איצט בכלל באַשטימען געניי א מעלאָדיע פון פאַר הונ־

[1] Die Gegenwart, herausgeg. von Paul Lindau, 1876, No. 46.

[2] דאָרט גופא, 1877, ז׳ 62, No. 4.

דערטער יאָרן, האָט בעהמע געבראַכט די ריכטיגע מעלאָדיע פון דעם «פּאַוויער־ליד» און ממילא פון דער «מגילת־ווינץ» אויך.

אָט זייַנען די נאָטן[1]:

דאָס פּאַוויער ליד.



עטליכע פויזעס האָט בעהמע געשטעלט אין האַלבע לבנות, ווייַל ער האַלט, אַז זיי פאַרשטערן די סימעטריע.

אַלזאָ: ה׳ אולמאַן (אָדער «דער אַלטער חזן», אויף וועלכן ער פאַררופט זיך) האָט א טעות געהאַט מיינענדיג, אַז דער ניגון פון «אדון עולם» אום «פורים־ווינץ» איז דערזעלביגער, ווי דער ניגון פון «מגילת ווינץ». ס׳זייַנען צוויי גאַנץ באַזונדערע ניגונים[2]. די פאַלשע פאַרשטעלונג, אַז מען האָט געזונגען דעם «אדון עולם» און די «מגילת ווינץ» מיט דעם אייגענעם ניגון, נעמט זיך מסתמא פשוט דערפון, וואָס מען האָט שלעכט גע׳דרש׳ענט אַן אומקלאָרן אָרט אין שודט׳ס באַשרייַבונג פון פורים־ווינץ.

---

[1]) מיר ברענגען זיי פון בעהמעס צווייטער זאַמלונג: Erk und Böhme, Deutscher Liederhort II (1893), ז. 70.

[2]) פריץ מרדכי קויפמאַן ז״ל, דער מחבר פונם בוך: Die schönsten Lieder der Ostjuden, האָט מיר פריוואַט מיטגעטיילט: ס׳קאָן אויך קיין רייד ניט זייַן וועגן דעם, אַז אולמאַנס ניגון זאָל זיך האָבן אַנטוויקלט פון בעהמעס. אולמאַן האָט פאַרנאָטירט זייער א שיינעם «אדון עולם», אָבער עס איז ניטאָ דערין קיין שום קרובה׳שאַפט מיט די זעלנערשע לידער פון 16־טן י״ה.

# דש ווינץ הנש ליד

דש דא החכם המופלג כמהורר אלחנן בר אברהם ז״ל העלין האט גמאכט· אונ׳ דש לשון הקודש מיט דעם טייטשן וואול ביטראכט··· דש ליד ווערט אייך זאגן· וויא דיא מורדים צו פרנקפורט דיא יהודים האבן טון פר יאגן: איר ווערט אָבר זעהן גאָטשׂ קרָפט אונ׳ מאכט· וויא דער שומר ישראל האט בייא אונז גיוואכט· דרום זאלן מיר הש״י לובן· דער אונז האט גינידֶרט אונ׳ ווידֶר דר הובן· מגילת וינץ זאל מן עשׂ היישׂן איבֶראל· דען עשׂ האט אזו פיל אז מגילת אנטיוכס אין דער צאל· דער ניגון איז דרויף גיטראכט· אז וויא פון פאביא איז די שלאכט*·

א· איך וויל דער ציֵלן גאטֶשׂ שטֶרק[1]׳
זייני וואונדר אונ׳ צייכן דיא גרושׂן׳
זיין קראפט אונ׳ אַך[2] זייני ווערק׳
וויא ער אונז ניא האט פר לאָזן·
אן אלי פאַרט[3] אונ׳ אין אלי לאנד
וויל איך אויף אין ביצייגן;
זיין נאמן וויל איך טון ביקאנט
מיט דער ווארהייט אונ׳ וויל ניט
לייגן·

ב· דא מֶן ציֵלט שע״ב[4]׳ אין דער
זעלביגן צייט
אין שטאָט פרנקפורט דער ווערדן[5]
דער וועקט זיך איין גרושר שטרייט׳
אז מיר אי[6] גיזעהן האבן אויף ערדן·
זולכישׂ ווארן מיר דער שראקן זער׳
דא מיר זולכישׂ ווארדן איגֶן[7]·
אלמעכטיגר גאט׳ דיזן שטרייט פר
שטער!
הובן מיר אַל אָן צו בַגינֶן·

* דאָס איז דער טיטול פון דער פראַנקפורטער אויסגאַבע 1696 ; די אַמסטערדאַמער פון 1648 האָט א העברעישן טיטול «דברי השירה הזאת···» אונ׳ דערנאָך גייט אַזוי: «דש עברי גאר וואול פר טייטשט אונ׳ בישיידליך · היפש פאר ווייבר אונ׳ מיידליך · צו אֶר קענן גאטשׂ קראפט אונ׳ מאכט»··· און ווייטער כמעט אַזוי, ווי אויבן· — דעם אָנהייב פון טיטול «איין שֵׂין ליד היפש אונ׳ בישיידליך · פר ווייבר אונ׳ מיידליך א· אז· וו·» וואָס שטייט ביַי וואַגענזיילן, האָט וואַגענזייל אַליין קאָנטיג צוגעקלערט; ער האָט געדאַרפט האָבן א זעלבשטענדיגן אָנהייב, מחמת ער האָט דעם העברעאישן טייל פון טיטול ניט געדרוקט·

[1] שטאַרקייט· [2] אַך (מיט א לאַנגן a) = אויך· [3] אן אלי פאַרט = אויף אַלע נסיעות = שטענדיג· [4] 1612· [5] ווערט = ווערדיג, חשוב [6] ווען עס איז·
[7] ווען מיר זיינען דאָס געוואויר געוואָרן·

ג. דָש גְמיין פאלק האט זיך אין
זין גישטעלט,
אַך איין טייל סוחרים אונ׳ צונפט[8],
וויא זיא דער עצה[9] ביי קומן וועלט[10],
אן צו גרייפן מיט פר נונפטן[11].
«אונזרי פרייאהייטי דיא געבט אונז
הער,
מיר וועלן[12] זיא ניט לענגר אנטבערן[13];
אונ׳ אונזר שאַץ איז אַך שיר לער,
דיא רעכן שאַפט[14] דער פון וועלן
מיר הערן».

ד. זיא וואלטן עש ניט בלייבן
לאָזן[15];
אין רעמר[16] טעטן זיא דרינגן;
זיא טעטן דיא עירונים איבר איין
הויפן שטושן[17];
זיא וואלטן ווישן אלי דינגן[18].
איבר[19] אונז האטן זיא אַך גיהַלטן ראָט,
אויש דֶר קהילה אונז צו פַר טרייבן;
דאש זעלביג האט אונז גיבראכט אין
גרושי נוט,
אז[20] מיר וייטר וועלן שרייבן.

ה. איין אן שלאַק[21] הָטן זיא גימַכט,
דש זיא אַך וואלטן האבן איין פירֶר;
אויף איינָן האטן זיא אל גיטראכט,
אויף וינץ הַנש דער אויף רירֶר[22].
איין גרושר שאַלק[23], איין בַיזר גאַשט,
זיינש גלייכן זיין[24] גיוועשט[25] גאר
וויַניג —
אויף אונז גיוועזט איין גרושר לאַשט —
האבן זיא אויף גינומן צו איינם קיַניג.

ו. צווין[26] זיינש גלייכן האט ער
צו זיך גיזעלט[27],
אויף אונזרן קאָפּא אונז צו טרעטן;
מיט נאמן זיין זיא ביידי גימעלט:
קונרוט שאָפּאָ, גערן גרוש אונטר
אננדר גיקנעטן.
מיט גרושן הדיוטות[28] זיין זיא קומן
איבר אונז אַלן זאַמט אונ׳ זונדר[29];
דאש אונזר האבן זיא אונז אב גינומן
אונ׳ מיט אונז גיטריבן דען וואונדר[30].

ז. טעגליך הובן זיא בייא אונז
גיהולט[31],
וואש איר[32] הערץ האט טאן ביגערן;
זיא האבן אונז פאַר גימאָלט:
מיר מוזן דעם פאלק אב ווערן[33].
אירן[34] ריַד האבן מיר מוזן גלויבן
געבן[35],

---

8 צעכן. 9 עצה = שטאָט־ראָט, שטאָטפאַרוואַלטונג. 10 ווי אזוי זיי זאָלן קאָנען בײַקומען... 11 מיט שכל. 12 = ווילן. 13 זיך באַגיין אָהן זיי. 14 דין־וחשבון.
15 = זיי האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּלאָזן. 16 ריימער (Römer) — ראָטהויז אין פראַנקפורט.
17 אָפּגעשטופּט אין א זײַט. 18 זאַכן. 19 ווערגן, מכוח. 20 ווי. 21 פּלאַן. 22 מורד.
23 רשע. 24 = זײַנען. 25 = געווען. 26 צוויי. 27 = האָט ער געמאַכט פאַר געזעלן, פאַר חברים. 28 מוטוויל, הפקרות. 29 אָהן אויסנאַם. 30 וואונדער: געשעהעניש, מעשה (פגל. בײַ ביאַליק: «בייז וואונדער»). טרײַבן וואונדער: אָפּטון מעשים. 31 צוגעגומען, אָפּ־געגומען. 32 זייער. 33 ד״ה: ווען מיר זאָלן דאָס ניט געבן דעם פאָלק, וועט זײַן נאָך ערגער
34 = זייערע. 35 גלויבן געבן = גלייבן.

האבן זיך וואול מוזן לאזן שנעלן[36];
האבן אימטאר[37] גידרייאט[38] אויף
אונזר לעבן:
«אודר מיר שיקן איבר אייך דיא
גיזעלן»[39].

ח׳ מיר האבן גיהַט איין גרושי
עֵת צָרָה,
אז אי גיוועזט אין אונזרן טאָגן;
דען מיר האבן גיהַט קיין שָרָה,
דָש מן איינֶן דער פאר העט קענֶן
פַר קלאָגן[40]
דיא מורדים האבן גיהַט די איבר האנט,
דיא אונז האבן וועלן פַר שניידן[41];
נימַט[42] האט קֶגן אינֶן[43] דָש מויל
אויף גישפּאנט,
מיר האבן אלז וואול מוזן ליידן.

ט׳ וואו מֶן אים מקום[44] יהודים
האט דער ווישט[45],
עש זייא גרוש, אודר קלייני,
האבן זיא[46] זיך אויף זיא[47] גירישט[48],
גישלאגן אודר גיווארפן מיט שטייני.
אך נוך גיוואָרפן ליים אונ׳ קוט,
אונ׳ און ניצי ווארט[49], אונ׳ קְלָלוֹת,
אונ׳ נוך גירופן פריא אונ׳ שפּאָט[50]
«כְּלָבִים» אונ׳ זונשט אנדֶרי נְבָלוֹת.

י׳ עטליכי יודן זיין ווארדן איין
גיצאגן[51];
אירש מָמון האבן זיא וועלן גינישן;
מיט שקרים האבן זיא[46] זיא[47] בילוגן,
דא נימַנט ניקש[52] האט דארום[53] טון
ווישן.
אַך קיינֶם יהודי קיין געלד צו געבן,
קיין שולד מן קיינם קיינש זאל טון
ברענגן:
צו שפייאר[54] וועלן זיא עש אָן
קלעבן,
אָנש משפט דארט וועלן זיא עש
הענגן.

יא׳ דיא זאך האבן מיר אונז צו
הערצן לאזן גאָן[55],
איין גרוש בישווערנִש גיוועזט אויף
אונז אַלן;
דען אונזר געלט האבן מיר גיהַט
בַלד פַר טאָן,

---

36 לעקסער, Mhd. Handwörterbuch, II, 1031 snellen ein snellīn — אָפּטון א שפּיצל; דאָ: מיר האָבן זיך געמוזט לאָזן נאַרן. 37 תמיד. 38 געסטראַשעט (נײַהויכדײַטש dräuen, בײַפאָרם פון drohen. אין מאָדערנעם יידיש וואָלט היסטאָריש ריכטיק געווען «דרײַען», ניט «דראָהען»). דער «א» אין «געדרייאט» איז א שטומער. 39 «געזעל» מיינט דאָס רוב סתם חבר; נאָר דאָ, אין מויל פון די בעלי־מלאכות, באַטײַט דאָס מסתמא די פּועלים, וואָס זײַנען שטײַפער בײַ זיך און האָבן געזונטע הענט. ס׳איז היסטאָריש באַשטעטיגט, אַז די פּועלים האָבן זיך מיט א באַזונדער ברען באַטייליגט אין ראַבירן די יידישע גאַס. 40 = בײַ וועמען מען זאָל קאָנען עמיצן דערפאַר פאַרקלאָגן. 41 אויסראָטן. 42 קיינער. 43 = זיי. 44 שטאָט. 45 דערווישן = דײַטש erwischen = כאַפּן. 46 די מורדים. 47 די יידן. 48 גרייטן זיך; דאָ: אָנפאַלן. 49 אין עלטערן יידיש, פּונקט ווי אין מה״ד, איז «וואָרט» סײַ איינצאָל, סײַ פילצאָל. 50 = שפּעט. 51 קאָנפיסקירן. 52 קיין זאַך ניט. 53 וועגן דעם. 54 די שטאָט שפּייער בײַם ריין; דאָרט איז געווען א הויכע געריכטליכע אינסטיטוציע, דער «קאַמערגעריכט». 55 = גיין.

פון דען חובות איז קיין אנדרש[56] גיפאלן[57]·
כּלי בית האבן מיר פֿר קויפט צו גרושׂר נוט —
ניט פיל האבן מיר געטון מיט[58] גיידן[59];
דיא קינדר האבן אונז אן גיהיישן[60] ברוט;
איין זולך רחמנות איז ניט צו ליידן!

יב· דיא עירָנים[61] צום טייל זיין ניט גיבליבן
אין דער שטאט פֿרנקפורט דיא גי־מעלטי[62]·
זיא[63] האבן גיזעהן דיא מוט וויל׳
דיא זיא[64] האבן גיטריבן;
עשׂ גיֵט וואול[65] אויש[66] גאר זעלטי[67]·
די דאקטורת[68] אונ׳ שרייבר אַך צום טייל
זיין אַך ארויש גיפלוגן;

זיא גידאכטן[69]: עש איז דא וועדר[70] גליק נאך הייל[71]׳
מיר וועלן עש ניט לענגר וואָגן[72]·

יג· דיזי זאכן זיין ווארדן פֿאָר גיבראכט
לְהַקֵיסָר יר״ה[73] אונזֶרם ליבן הערן;
האט בריף מיט גיטיילט וואול בידאכט
אָן[74] די קָוֹמישַׂריאֶ׳ זיא זאלן אב ווערן:
דיא זאכן צו הערן אונ׳ אורטל אויש שפרעכן׳
איטליכם נאך זיינם פֿר דינשׂט צו לונן;
אך צו היילן אונזֶרן גיברעכן[75]
אונ׳ אין דער זאכן גימַנט פֿר שונֶן[76]:

יד· די זַכן האבן זיא טאן[77] גרינדן[78]׳
דיא קָוֹמישַׂריאֶ דיא פירשטן דיא פרומן;

---

56 פגל· אונזער הײַנטיגן אויסדריק: «ער ענטפֿערט ניט דאָס אַנדערע וואָרט»· 57 אויסגעצאָלט ווערן; פגל· דעם דײַטשן אויסדריק: fällig· 58 מיט = דערמיט· 59 פֿראַוועןשמחות, הוליען· 60 אָנהיישן (מיט š) — בעטן, פֿאַרלאַנגען· 61 עירון = די הערן פֿון ראָט; וואַגענזייל זעצט איבער: die Gerichtsherren· 62 מעלדן = דערמאָנען, אָנרופֿן· 63 די עירונים· 64 די מורדים· 65 וואול (וואויל) באַטייט דא: מסתמא· 66 אויסגיין = פֿאַרקומען, טרעפֿן· 67 = זעלטן; ס׳איז א פֿראַנקפֿורטער דײַטשע און יידישע אייגנטימליכקײַט אָפּצוואַרפֿן דעם n אין דער ענדונג en-· 68 דאקטורת = דאָקטאָרעס, די לאַטײַנישע פּילצאָל־פֿאָרם פֿון «דאָקטאָר»; דאָס הייסט: די מלומדים, וואָס זיצן אין ראָט· 69 געדענקען = רעכענען, מיינען, קומען צום באַשלוס· 70 וועדער — נאָך, אַזוי ווי אין דײַטש; ניט — ניט· 71 געזונט· 72 דווקא אַזוי, מיט א קמץ, ניט ווי מען האָט דאָס בײַ אונז פֿאַרדייטשמערישט אין «וואַגן»· 73 ירום הודו=דערהויבן זאָל ווערן זײַן מאַיעסטעט· 74 צו· 75 פּונקט ווי אין מד״ה: der gebrëche = «קרענק»· הײַנט וואָלטן מיר געזאָגט: אונזער בראָך· 76 schonen וואָלט הײַנט געדאַרפֿט זײַן קלאַנגענגעזעצליך: «שוינען» (ווי brot = ברויט)· אונזער «שאַנעווען» איז דאָס אייגענע וואָרט, נאָר פֿריער איז עס געקומען פֿון דײַטש צו די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געמאַכט דערפֿון szanować· מיר האָבן עס פֿון פּויליש· 77 = געטון; פֿאַראַן עטליכע צײַטווערטער (טון, קומען, א· אז· וו·), וואָס בילדן זייער פּאַרטיציפּ אָהן גע־· 78 = דער־גרונטעווען, אויספֿאָרשן·

איין אורטל האבן זיא טאן פַר קינדן׳
אז ווען עשׂ פום הימל אראָב ווער קומן[79]·
דענוכט[80] האבן דיא מורדים ניט וועלן הערן
אונ׳ האבן גיטאן נאך אירם אלטן זיטן[81]:
«ווער איז דער דער אונז וויל ווערן?
מיר האבן עשׂ פון קיינם נוֹך גיליטן»·

טו׳ דיא בווהייט[82] איז ערשט ווארדן גרושׂ
אונז צו שמעהן[83] אונ׳ צו שלאגן;
דַשׂ איז גיוועזן זונדֶר[84] אונטר לוש[85];
נימַנט האבן מירשׂ[86] קענֶן קלאָגן·
זיא האבן גיהערשט איבר אונז מיט גַנצֶר מַכט׳
מיר זיין גישטַנדן[87] אין אייטל זארגן[88];
צו מאָרגנשׂ האבן מיר גיווינשט׳ עשׂ ווער[89] נַכט׳
אונ׳ בייא נַכט – עשׂ ווער מארגן·

טז׳ שבועות שע״ד[90] זיין מיר דער שראקן זער׳
זארג אונ׳ אנגשׂט אונז האט בי־פונדן[91];
מן האט גיזאגט׳ דיא מורדים קומן דא הער[92]׳
זיא האבן זיך עפּישׂ אונטר וואונדן[93]:
דיא פּפאָרטן[94] וועלן זיא איין שטוסן[95]
אונ׳ וועלן שטורמֶן אונזֶר קהילה׳
«ליבר גאט׳ טוא אונז ניט פַר לאזן!»
זא איז גיוועשׂט אימֶר דאר[96] אונזר תפילה·

יז׳ הַשֵׁם יִתבָּרֵך האבן מיר פַר טרויאט׳
דער האט זיא גימַכט אָב ווענדיג[97];
דען דער[98] אויף זיין הייליגן נאמן בויט׳
דשׂ זעלביג איז בישטענדיג·
מיר האבן תשובה גיטאן מיט אַלֶרלייא פיין׳
מיט פַשׂטן אונ׳ פיל אורֶה[99];
מיר האבן גימיינט מֶבַטל צו זיין דיא גזירה אונ׳ די צָרה·

יח׳ קלייני קינדר אונ׳ ווייבֶר מיר גאר בַלד
האבן פַר שיקט אונ׳ טאָן פַר שטרייאָן׳
דַשׂ מן אָן איגֶן[100] זאל ברויכן קיין גיוואַלט·

[79] גלייך עס וואָלט אַראָפּגעקומען פון הימל· [80] פונדעסטוועגן· [81] «זיטע» איז אין דער עלטערער שפּראַך, סײַ דײַטש, סײַ יידיש, לשון זכר· [82] בייזקײַט, כעס· [83] schmähen — זידלען· [84] אָהן· [85] Unterlass; «זונדר אונטר לוש» = אָהן אויפהער· [86] = מיר עס· [87] = געשטאַנען· [88] אין הוילע זאָרגן· [89] עס זאָל זײַן· [90] 1614· [91] מיר האָבן דער־שפירט··· [92] קומען צו גיין· [93] אונטערוואונדען זיך — אַרײַננעמען זיך אין זינען· [94] פּפאָרטע (א וואָרט, וואָס קומט אין דײַטש פונם לאַטײַנ· porta) — טויער· [95] einstossen — אײַנרײַסן, צעברעכן· [96] אימערדאר = תמיד· [97] ער האָט זיי אָפּגעווענדט פון אונז· [98] דער = דער וואָס· [99] אָרע, (פון לאַט· ora) — תפילה; די דײַטשע יידן זאָגן נאָך הײַנטיגן טאָג oren אָנשטאָט דאַווענען· [100] אַנטקעגן זיי·

שאַנד אונ׳ זינד אָן איבֶן גידייאֶן[101]·
אָן אַלי פּפאָרטן אונז ביזוכט אונ׳
אָן גישפּראָכן׳
דָש מיר קיין ממון זאלן אנויש[102] פירן;
אונזר הערץ איז אונז שיר צו בראכן׳
דא[103] מיר זולכש האבן טאן שפּירן·

יט· גאטש גינאָד דיא האט קיין
ענט׳
איז ניט קומן[104] אויש אונזרם גידַנקן;
זיין הילף איז אין איינם אויגן בליק;
בֶּהענט[105]
קאן ער היילן דיא קראַנקן·
דיא קומיסריא זאלטן קומן ווידֶר׳
האָרטן[106] מיר פון אידרמן[107] זאגן;
דא פרייאטן זיך אלי אונזרי גלידֶר·
אלז אַך גישאַך[108] אין חדש אב טאָגן·

כ· דא יום א׳ כ״ו אלול שע״ד
קאם בייא די הנט[109]׳
טעטן מיר ניקש אנדרש דען שרייאן
אונ׳ וויינֶן;
דען דיא שונאים האטן דאש מויל אויף
גישפּנט׳
זיא זעלטן[110] זיך הַרט[111] ווידר אונז
לייגֶן[112]·

צו פּאַשׂטן האט מן ארום גֶזייאט[113]
אויף יום ב׳ צו מארגנש מיט בֶטריבטן
הערצן;
דען גַנצן טאג און מוט[114] אונ׳
טרויאֶריקייט׳
דיא נַכט וַוכן מיר מיט גרושן שמערצן·

כא· דא דער מארגן יום ב׳ קאם
ארבייא׳
הַטן מיר אכטונג אויף גאר עבן[115];
אלי אויגן בליק קאמן צרות׳ דיא
ווארן נייא;
טרעפן אָן לייב אונ׳ לעבן·
דיא הייפּט מורדים קאמן זעלבשט
דא הער
מיט גרושי עֲלילות׳ דיא ווארן
שקרים:
«איר האט גיטאן ווידר אונזרי ער[116]׳
איר האט גירעט דיזי דברים[117]»·

כב· דא עש וואר צייט מנחה
אורן[118]׳
פַר גינג אונז זעהן אונ׳ הערן[119];
דען דָש פאלק זַמלט זיך פַר דען
טאָרן[120];

101 אָנטון זיי· 102 = אַרויס· 103 ווען, בעת· 104 = געקומען· 105 = בײַ דער האַנט, ד״ה פלינק· 106 = hörten, האָבן מיר געהערט· 107 = יעדער מאַן, איטליכער· 108 ווי ס׳איז אויך געשעהן· 109 ווען ס׳איז אָנגעקומען זונטאָג כ״ו אלול — 10טער סעפּטעמבער 1614· 110 זעלטן (= זאָלטן): זיי האָבן געזאָלט; דאָ מיינט עס: באַלד, ווי איר וועט זעהן, זײַנען זיי אויפגעשטאַנען אויף אונז· 111 שטרענג, שווער· 112 לייגען (פגל· זיך אָנלייגען) — זיך אָנ־שפּאַרן· דאָ: זיי האָבן זיך א שפּאַר געגעבן אַנטקעגן אונז· 113 = געזאָגט· 114 אונמוט = אומעט· 115 האָבן מיר געגעבן אַכטונג געגעבן· 116 = ערע· 117 ווערטער· 118 דאַווענען· 119 איז אונז געוואָרן פינסטער אין די אויגן· 120 = טויערן·

אונזר טרויאֶרן וואר זיך מערן·
צו דער גַסן צו[121] וואַרן זיא דרינגן·
די פּפאַרטן טעטן מיר צו שליסן;
אין דיא שול מיר דאך גינגן·
מיר מיינטן דער[122] תפילה צו גניסן·

כג. וויא מן דיא הפטרה האט אויש טאן זאגן[123]·
איין גרוש יעמֶרליך גישרייא מיר הערטן;
דיא שונאים ווידר דיא פּפאַרטן שלאגן·
זיא צו ברעכן זיא אן אלי אורטן[124]·
דער שונא וואר אונז אויף דעם הַלז·
אויש דער שול טעטן מיר אַל לאַפן[125]·
וויֵא דעם דער דאש האט גיזעהן אַלז·
וויֵא דיא זַך איז גיוועזט גישאַפן!

כד· איין טייל פרומי ווייבר· נָשים יְקָרות·
אירֶה ליבֶה קינדר זיא מיט נאמן·
לֵיגטן זיך אויף דש בית הקברות:
«היא וועלן מיר שטערבן מיט אַזאַמן[126]»
אַך איין טייל לופן היים צו הויז
אונ׳ הולטן[127] אירי שפּיז אונ׳ שווערטר[128]:
«לייכט שלאגן מיר זיא ווידר אנויש·
אֵי[129] דער קריג ווערט לענגער[130] הערטר»·

כה· איין טייל האטן זיך אויף דיא מויאֶר גישטעלט
מיט זייל[131] איינם גרושן;
זא זיך דיא מהומה ניט שטילן וועלט[132]·
אין איינֶן גארטן אַנאָב[133] זיא זיך וואלטן לושן·
עטליכי וואַרן מַציל[134] אין אירם הויז·
אֵי עש די שונאים טעטן אֶר פארן[135];
איין טייל ליפן[136] צו דער גאסן אנויש
אן אֶרטֶר· דא זיא ביקאנט וואַרן·

כו· איין קעשטליכר[137] עירון אין דער שטאט
טעט זיך איבר אונז דֶר בארמן;
אייגֶן גרושן גארטן אונ׳ היפּש הויז ער האט·
ער שלוס[138] עש אויף אונז אָרמן·
מיר גינגן אנייַן אין הויז· אין הוף —

---

[121] די גאַס = די יידישע גאַס, דער געטאָ· [122] הײַנט וואָלטן מיר געזאָגט: פון דער תפילה·
[123] אויסזאָגן = ענדיגן· [124] = ערטער· [125] = לויפן (אויסשפּראַך laafn, פּונקט ווי aach)·
[126] = מיטאַנאַנד, אינאײנעם· [127] האָבן געבראַכט· [128] שווערדן· [129] = איידער·
[130] דאָ פעלט: און· [131] שטריק· [132] ד״ה: אויב די מהומה וועט ··· [133] = אַראָפּ·
[134] הײַנט וואָלטן מיר געזאָגט: זיך מציל זײַן· [135] דערגײן, געוואויר ווערן· [136] אימפּער־פעקטום פון «לויפן»· [137] «קעסטליך» איז אין דער עלטערער ליטעראַטור דאָס רעגולערע טײַטשוואָרט פאַר «חשוב»· [138] אימפּערפעקטום פון «שליסן»·

מן דארפט אים דער צו ניקש לונֶן[139];
מיר גינגן דינֶן[140] וויא די פר ערטן[141] שוף׳
וואול זעקש הונדרט פַרשונֶן·

כז· מיטן אין גארטן אויף דֶר ערדן·
זיין גיזעסן אין איינם רינגן
צעהן קינדבעטרן[142] נוך אירם גֶבערטן[143];
מיין הערץ מיר דאריבר האט וועלן צו שפרינגן!
איר שלייאֶר אום גיוואונדן[144]׳
אז דיא אַבֵלים׳ ביז אין דיא אויגן׳
אירי קלייני קינדר אים שוס[145] גילעגן גיבונדן;
איין טרעהרן[146] דען אנדרן האט טאן יאגן·

כח· דיא גזלנים האבן זיא גי־ווארפן אויש אירי בעטן
אונ׳ אונטר אינן זיא[147] אוועק גי־טראגן;
איך העט[148] פיל דארויף טאן פַר וועטן׳
ווען איכש ניט גיזעהן העט מיט אויגן·
איין זעלך אכזריות׳ אז זיא האבן גיטריבן׳
שטיֵט ניט וואול צו גלאבן:
איין קינטבעטרן פון איינם טאג אדר זיבן׳
דש זיא אזו מיט אײנֶן אום גַנגן האבן[149]·

כט· עטליכי זיין גישטַנדן מיט גרושֶר וואר[150]׳
ביז איינר פון אונז איז ווארדן דער שוסן;
אך עטליכי זיין ווארדן פַר וואונד־זער[151]·
דא זיין מיר אל ווארדן פַר דראסן׳
דא זיין מיר אל גילאפן אנוועק[152]׳
אונזר קיינר איזט מער גיוועזט פַר הַנדן[153];
דא האבן זיא גיפילט גיפעק אונ׳ זעק׳
עס איז אין[154] נימַנט אנטקיֵגן גי־שטַנדן·

ל· דיזי נַכט איז אונז גיוועזט צו ווידר׳
עש איז ניט אַלֶר[155] צו זאגן;

[139] ד״ה: מען האָט אים דערפאַר קיין זאַך ניט געדאַרפט באַצאָלן. [140] = דרינען, דאָרט אינע־וויייניג. [141] פאַרערט (verirrt, דער i איז געוואָרן אַן e, ווי אין בערנע, קערמעשל, הערש, פערשט) — פאַרבלאָנדזעט. [142] = קימפעטאָרנס. [143] = געבורט, געבירט (i ווערט e, ווי אין הירש = הערש א. אז. וו.). [144] אַרומגעבונדן. [145] = שויס. [146] »טרער« איז אין דער עלטערער שפּראַך, סײַ דײַטש, סײַ יידיש, לשון זכר. [147] די בעטן. [148] וואָלט. [149] אז זיי זיינען זיך אַזוי מיט זיי באַגאַנגען. [150] מיט א שטאַרקער פאַרטיידיגונג. [151] מיר שרײַבן היינט »פאַרוואונדעט«; דער שרײַבער פון 17־טן י״ה האָט ניט געוואוסט פון דער דייטשמערישער המצאה און געזאָגט אין גײַסט פון יידיש: »פאַרוואונדט« (פונקט ווי: »גערעדט«). [152] אַוועק. [153] פאַראַנען. [154] אין = אינען = זיי. [155] אַליץ.

די גזלנים זיין גַנגן אויף אונ׳ נידר׳
האבן דאש אונזֶר אוועק גיטראגן:
זילבר אונ׳ גאלד אונ׳ באר[156] געלט׳
וואש זיא האבן אן גיטראפן׳
תכשיטים׳ וויא מן זיך ווינשן זעלט[157];
זיא זיין איבר אלי דיא קישטן[158]
גילאפן׳

לא׳ קעשטליכי וויין׳ גוטי בעט
אונ׳ הויז ראַט[159]
ניט שענֶר גיזעהן איז וואָרדן מיט
אויגן;
קארן אונ׳ מעל — אלז זונדר[160] גינאַד׳
אלז אוועק גיפירט וואָרדן אויף
איינם וואגן׳
אך פיל מעכטיגי ספרים[161]׳ דיא
קעשטליך זיין׳
דיא איין לערנֶר טאן אֶר פרייאַן׳
האבן זיא גיווארפן אין דרעק אניין
און אויף דיא גאסן טאן שטרייאַן׳

לב׳ וויא גרוש זיין גיוועזט אונזרי
זינד׳
וויא וואול[162] מירש[163] ניט וועלן
אֶר קענֶן!

דיא רשעים האבן איין גרוש פייאֶר
אָן גיצינד
אונ׳ האבן דיא ספרים דינן טאן פר
ברענֶן׳
זיא האבן גיברוטן איבר דען ספרים
דיר[164] פלייש׳ דש זיא אונז האבן
גינומן;
דאש האבן גיטאן דיא מורדים דיא
עיקרים[165] —
אזו איז עש איינן אך ביקומן[166]!

לג׳ אַך פערגימענטי[167] ספרים
האבן זיא אֶרבערט[168]׳
האבן זיא אונטר אנַנדֶר טאן טיילן:
זיא זיין גיוועזט כמה אלפים ווערט;
דיזי מכות זיין ניט צו היילן׳
איינם בוך בינדר פַר קויפט צו
שערץ[169]׳
אנדרי ביכֶר דריין צו בינדן;
קיין פאָרכט איז אין גנגֶן צו הערץ׳
דש זיא זיך זאָלטן דראן פַר זינדן׳

לד׳ אך דיא אלֶר בעשטן סחורה׳
אז אי[170] איזט וואָרדן גיזעהן מיט אויגן׳
כתיבת ידות[171] האבן מיר אַך פַר לָארֶה[172]׳

[156] מזומנ׳ע· [157] ווי מען וואָלט זיך געמעגט ווינטשן· [158] קאַסטנס· [159] כלי־בית· [160] אָהן· [161] אין העברעאישן טעקסט: «ספרי קודש»· [162] וויא וואול — הגם, כאָטש· [163] = מיר עס· [164] dürr; איצט: דאַר· [165] די הויפּט־אָנפירער· [166] פאַרגל· דעם אויס־דריק: «זאָל דיר וואויל באַקומען»· [167] פאַרמעטענע· [168] erbërn (דערזעלביגער שורש, ווי entbehren): אַרויסשלעפן, אויפדעקן· פאַר וואַגענזיילן איז דאָס דאָזיגע מה״ד וואָרט שוין געווען פרעמד, און דעריבער לייענט ער: erobert· [169] שפּיל, פאַרגעניגן· [170] ווען עס איז· [171] אין העברעאישן טעקסט שטייט אויף דעם אָרט: «שטרי חובות»· צי איז דאָ געביטן נאָר דער אויסדריק אָדער דער באַגריף אויך? [172] אין פראנקפורטער ריידעניש, סיי דײַטש, סײַ יידיש, פאַלט אָפּט אָפּ דער n צום סוף (פגל· אויבן, סטראָפע יב׳: זעלטי = זעלטע אַנשטאָט זעלטן)· א סך בײַשפּילן פון דעם מין ביי טענדלוי Sprichwörter und Redensarten aus deutsch-jüdischer Vorzeit פראַנקפורט־מאַין, 1860·

זיא האבן עש אלז אוועק גיטראגן·
קיין ערביט[173] האט זיא טאן פר דריסן,
זיא האבן ניקש[174] לאזן ליגן;
וואשׂ ניט איז גילעגן אונטר דען פיסן,
זיין זיא דער נאך גישטיגן·

להי· דיא גנצי נַכט האבן זיא גישוועבט[175]
אן אַלי אורטן אונ' אן אַלי ענדן;
וואש זיא האבן אן גירירט, דאשׂ האט גיקלעבט,
האבן עשׂ ביהַלטן אין אירן הענדן·
טליתות אונ' תפילין האבן זיא ניט ליגן לושׂן,
דיא מזוזות אויש דעם בַלקן גישטאכן;
אוֹבן[176] אונ' פענשטֶר האבן זיי איין גישטוֹסן,
טירן אונ' שענק האבן זיא צו בראכן·

לוי· כלָיות[177] האבן זיא גימאכט,
ניט און גיפערד[178] —
מוטווילליגר ווייש[179], ווידר[180] אַלי זיטן;
שמאלץ האבן זיא גיגאסן אויף דיא ערד
אונ' איין זאק מיט מעל דאריין טאן שיטן·

דארויף זיין זיא הין אונ' הער גאנגן
אונ' דארויף גיטרעטן מיט אירן פיסן·
דש מען זאל זעלכי זאכן אן פאנגן,
דא מן ניקש דער פון קאן גֶניסן!

לזי· אויף דען העלן טאג האבן מיר טאן האפן,
דש מיר דער צו האבן וועלן אנטרינֶן·
דא נון דער טאג ארבייא איז גילאפן,
זיין מיר שיר קומן פון זינֶן!
דיא פפארטן וואלטן ניט גֵין אויף:
דאש וואר אירֶר[181] הייפט לייט בי־פעלכי[182];
מיר ווארן איר[183] תופס מיט מָמון אונ' גוף·
ווער האָט גיזעהן איין עֵת צָרה איין זעלכי?

לחי· דיא מורדים דיא האטן אן גישטעלט[184]
דעם שטאט פאלק צו ווערן[185],
קיין יודן איין צו נעמען אין אירי גיצעלט
בייא איינם גרושן בוס[186] אונ' שווערן[187]·
דא הילף[188] ניט וועדר געלט אדר גוט,

---

[173] = אַרבעט; מי· [174] קיין זאַך ניט· [175] «שוועבן» הייסט אין דער עלטערער שפראַך סתם: באַוועגן זיך אַהין און אַהער· [176] אויוונס· [177] פונם זעלביגן שורש איז אויך אונזער היַינטיגס: «קאַליע מאַכן»· [178] gevaerde הייסט אין מה״ד: ויַיטיגער מיין, פניה; «אָהן געפערד» = על־פּי־טעות, צופעליג, בשוגג· [179] «־ווייז» דאָס אייגענע, ווי אין «איינציגוויַיז»; = מוט־וויליגערהייט· [180] קעגן· [181] געניטיוו פון לשון רבים; «פון זייערע»· [182] = באַפעל; bevëlhen איז די עלטערע פאָרם פון «באַפעלן»· [183] זייער· [184] אנשטעלן: באשטימען· [185] = פאַרווערן· [186] שטראָף· [187] ווייטאָג· [188] האָט ניט געהאָלפן·

אויף דער גַסין מוזטן מיר בלייבן·
נון דענקט וויא אונז וואר צו מוט!
עשׂ איז ניט אַלר צו שרייבן·

**לט.** דער שראקן ווארן דיא געשׂט אך זער׳
דיא און גיפערליך[189] הער[190] ווארן קומן·
זיא לופן הין זיא לופן הער׳
דא זיא דיזי ווערק האטן פַר נומן·
דא וואר אין צו העלפן ניכט׳
זיא ווארן מיט אונז אין דער צָרה;
זיא פאָרכטן זיך פַר בייַזן גישיכט[191]׳
פַר דען מורדים האטן זיא גרוש מורא·

**מ·** דא עשׂ קאם נאהנט אום דיא מיטן צייט[192]׳
איין שטים אין דער שטאט טעט דֶר שַלן:
«דער יודן ווערדן מיר גאר באלד ווערדן קווייט[193]׳
דש לוז[194] איז אויף זיא גיפַלן!»
וינץ הַנז זעלבֶרט ווידר אונז זאגט:
«איך בין אייער הָמן אין דיזן צייטן;
פַר מרדכי בין איך און פר צאגט[195] —
עשׂ זיין ניט אונטר אייך זאָ פרומי לייטן·»

**מא·** נאך דיזר צייט איין קלייני פרישׂט[196]
וינץ הַנז קאם זעלבֶרט גיגַנגֶן
מיט איינם פאלק[197] וואר גאר וואול גֶרישׂט;
נאך אונז האט ער פַר לַנגֶן·
שפיס אונ׳ ביקסן אונ׳ אַלֶרלייא וועהר
טעטן זיא אל אן טראגן׳
אז וויא גולית קיֶגן דוד טראט הער
אונ׳ אנטיוכס אין דער יוָונים טאגן·

**מב·** אַלי יודן טעטן זיא אוישׂ שפירן׳
וואו זיא זיא וואושטן צו פינדן׳
אונ׳ טעטן זיא צו אַנַנדֶר פירן·
זאגטן: «מיר מוזן אייך עפישׂ פַר קינדן[198]»·
ער זאמלט אונז אויף דש בית הקברות׳
אז וויא דיא בהמות וואר ער אונז טרייבן׳
אונ׳ זעצט אויף אונז פיל שמירות׳
דש קיינר פון אונז זאלט אוישׂן בלייבן·

---

189 ווי אויבן: צופעליג· 190 = אַהער· 191 = געשעהעניש· 192 וואַגענזייל טראַנסקריבירט: Metten-Zeit׳ ד״ה די צייַט פון דער (קריסטליכער) פרימאָרגנדיגער תפילה· ס׳קאָן אָבער אפשר הייסן «מיטן-צייַט» = מיטאָג-צייַט׳ און אזוי שטייט טאַקע אין העברעאישן טעקסט: «סמוך לחצי היום»· 193 קוויט׳ קווייט = פטור (מיטן געניטיוו: «דער יודן»; מענדעלע שרייבט נאָך אויך: «פטור ווערן זייַנער»)· 194 גורל· 195 = אומפאַרצאָגט = ניט שרעקעדיג; פאַר א מרדכי האָב איך קיין מורא ניט· 196 ווײַלע· 197 דאַ פעלט «דש»· טייטש: מיט אַן עולם׳ וואָס איז געווען גוט באַוואָפנט· 198 אָנזאָגן·

מג· אונזר הערץ וואר פַר
שטאפּפט אונ׳ שווער;
מיר מיינטן עש ווער קומן[199] אונזרי
ענד;
מיר יאמרטן אונ׳ שריאֶן זער׳
גאט זאל דער בארמֶן אונז אֵילענד[200]·
ווייב אונ׳ קינד׳ יונג אונ׳ אלט
מיט אונז טעטן מיר נעמֶן:
זא[201] דיא שונאים אן אונז טעטן
גיוַולט׳
דש אונזרי נשמות צו הק״בה צו
זאמן קעמן·

מד· דא מיר נון קאמן אין דאש
בית הקברות אניין׳
איין הסכּמה טעטן מיר מאכן;
דש מיר אַל[202] מקדש השם וואלטן
זיין׳
טעטן מיר בַשליסן פַר אלי זאכן[203]·
עטליכי לַייט תכריכים אן טעטן׳
מיר הַטן זיך דר וועגן[204] אונזר לעבן;
וידוי אונ׳ הצור תמים ווארן מיר בעטן
אונ׳ פיל קעשׂטליכי תפילות דֶר נעבן·

מה· עטליכע האבן זיך גינומן
אין אירן ווילן׳
ווייבֶר׳ אונ׳ מיידליך׳ אונ׳ יונגֶן׳
גאטש דינשׂט צו אֶר פילן׳
דש זיא איבֶר אירן ווילן[205] ניט
זאלטן ווערדן ביצוואונגֶן·
זיא וואלטן שפּרינגֶן אין איינֶן ברונֶן׳
צו זיין בירייט[206] צו אֵיביגן לעבן;
דאך הטן זיא זיך ווידֶר[207] ביזונֶן —
גאט האט אונז אזו ווידר איין גי־
געבן·

מו· דיא מורדים טעטן אויש
שפּרעכן:
«דיזי שטאט זאלט איר מיַידן;
דיא בורגֶר מעכטן[208] זיך אן אייך
רעכן[209];
זיא וועלן[210] אייך ניט לענגר היָא ליידן·
מיר האבן ניט אין אונזר מַכט
אייך צו שוצן אונ׳ צו בַשירמֶן;
דרום איז אייך אויף גיזאגט[211] דיא
וואַכט[212]׳
איר זעכט[213] וואול וויא דיא בירגר
שווירמֶן»[214]·

מז· דא בעטן מיר צום זעלביגן
מול׳
ער זאלט אונז עפנֶן דיא פּפאָרטן·
דיא ענטוֶורט וואר׳ וואש דש איילן
זאל[215];

[199] אַז עס איז געקומען· [200] «עלנט» איז אייגנטליך דער טײַטש: אַן אַנדער לאַנד, דערנאָך: גלות, שפּעטער בכלל: איינזאַמקײַט, נויט, אומגליק· [201] אויב· [202] = אַלע· [203] קודם כל· [204] «זיך דערוועגן» הייסט אין דער עלטערער שפּראַך: זיך מיַאש זיין· [205] קעגן זייער ווילן· [206] גרייט· [207] צוריק· [208] אַניט וועלן די בירגער··· [209] רעכן (פון «ראַכע») = נעמען נקמה· [210] ווילן· [211] אויפזאָגן = אָפּזאָגן, קינדיגן· [212] שוץ· [213] = זעהט· [214] זשומען (ווי די בינען)· [215] צו וואָס איז די איילעניש·

«איר קענט נאך וואול אַווייל ווארטן»·
דאש שטאט פאלק אלז נאך[216] דא
שטונד׳
אונ׳ אירי ביקסן ווארן גילאדן;
דער זאכן[217] קאנטן מיר ניט ווישן
קיין גרונד;
דאש באד מוזטן מיר אויש באדן·

**מח·** מיר הורטן וויא דיא שטימן
גינגן׳
מיר הטן אכטונג[218] גאר עבן[219];
זיא צו ריֵדן דא אן פינגן:
מן ווערט אין[220] נעמן איר[221] לעבן·
עטליכי זאגטן: עש ווערט ניט אזו זיין׳
מן ווערט זיא אויש דער שטאט
טרייבן[222];
דיא ריֵד ליפן אונז צו דען אורן[223]
אניין׳
פַר צרות קוׄנטן מיר קוים בלייבן·

**מט·** דיא מורדים האטן איין
צאנק[224] איין גרושן׳
אי איינר[225] ווידר דען אנדרן;
איינר זאגט: מן זאל זיא[226] ניט
לעבן לוזן׳
דר אנדר זאגט: מן זאל זיא לאזן
וואנדֶרן·
הש״י אין דיא וואג שאל בליז[227]׳
דש דיא זכיות טעטן איבר וועגן׳
דש מן אונז אונזר לעבן ליש[228];
איין גירֶש זאלטן מיר האבן דער
קעגן[229]·

**נ·** מיר מיינטן׳ דיא פפארטן
זאלטן גיֵן אויף;
דען צוׄרֶר[230] טעטן מיר זער ביטן[231]·
מיר ביקאמן אבֶר קיין תשובה דארויף׳
נייאֶרט גרוש רְשעת נאך זיינם
זיטן[232]·
מן פיל אים צו פוס מיט קלעגליכי
ווארט[233]
אונ׳ וויינטן פַר אים גאר זערֵי[234]
דא ליש ער אויף טאן[235] דיא פפארט —
מיר העטן[236] גיוואלט׳ דש מיר
הוישן[237] ווערי[238]·

**נא·** ניט לענגר וואר צו ווארטן
מער;
מיר צוׄגן איין רויש[239] מיט גרושן
שארן[240]·

[216] נאָך אַלץ· [217] דער זאַכן (געניטיוו) = פון דער זאַך· [218] האָבן אַכטונג = געבן אַכטונג· [219] עבן הייסט דאָ: גענוי, זאָרגעוודיג· [220] אין = אינען = זיי (די יידן)· [221] זייער· [222] ביַי וואַגענזיילן שטייט דאָ, אויך אין דער דיַיטשער טראַנסקריפּציע, «דרינגען»; א בפירוש׳ער טעות, ווייַל דאָס קלעפּט זיך ניט צום גראַם «בליַיבן»· ביַי שודט׳ן שטייט «דרייבן» — די דיאַלעקטישע פאָרם פון «טרייַבן»· [223] = אויערן· [224] קריג, סכסוך· [225] אי איינער = איטליכער, יעדערער· דאָס «אי» (ie, וואָס איז שפּעטער געוואָרן je) איז טאַקע דאָס אייגענע, וואָס דער ערשטער טראַף («אי» און «יע») אין אונזער «איטליכער» און «יעדערער»· [226] די יידן· [227] בליז — אימפּערפעקט: האָט א בלאָז געטון· [228] ליש = האָט געלאָזן· [229] אַנשטאָט דעם· [230] באַדריקער; ווינץ· [231] = בעטן· [232] ווי זיַין שטייגער איז· [233] «ווארט» איז אין דער עלטערער שפּראַך סיַי לשון יחיד, סיַי לשון רבים· [234] = זייער· [235] אויפטון = אויפעפענען· [236] וואָלטן· [237] דרויסן (= אויסן)· [238] = ווערן (קאָניונקטיוו): אַז מיר זאָלן שוין זיַין··· [239] = אַרויס· [240] מחנות·

זיא טעטן אונז לְוָיָה נאך[241] מיט אירֶר[242] וועך׳
ביז מיר צום טאר[243] אנויש ווארן·
מיר צוֹגן ארויש מיט גרושר פריידן׳
דאך אַך מיט טרויאֶרן דער נעבן:
דאש טרויאֶרן׳ פון דער קהילה צו שיידן׳
אונ׳ די פרייד׳ דש מיר בִיהַלטן[244] דש לעבן·

**נב·** עטליכי צוֹגן אויף דעם וואשֶׁר צו הַנד[245]׳
צו[246] הַיְכשט[247] ווארן זיא אן קומן;
איין טייל — צו פוס איבר לַנד·
אן אלי אורטן האט מן אונז אן גינומן·
פיל טויזנט זיך אויף דיא בריק הטן גישטעלט;
אונזר און גליק וואלטן שויאֶן[248]׳
וויא מיר זא אֵילֶענדיג[249] צוהֶן[250] אויף דעם פעלד׳
מאַן[251] אונ׳ קינדר אונ׳ פרויאֶן·

**נג·** עשׁ וואר אונז נאך ביט גאר וואול׳
מיר פּאָרכטן זיך זער פאַר שיסן
פון דער בריקן אראב דש זעלביג מאל׳
דען דש שיף מוזט דר דורך פליסן·
אז בייא אובן באך[252] גישעהן איז אלבֶרייט[253]׳
אונ׳ דער זעלביג[254] טראף[255] זיינֶן גיזעלן;
דער צַדיק וואַרד[256] בישירמט פון לייד׳
אונ׳ אן זיינֶר שטאָט[257] הש״י איין אנדרן טעט שטעלן·

**נד·** אלן גוטן ווילן האט מן אונז אֶר צייגט׳
וואו מיר הין קאמן אן אלן אָרטן;
מיט אלן זַכן איז מן גיוועזט אונז גינייגט·
מיט עשן אונ׳ טרינקן אונ׳ גוטי ווארטן·
יודן אונ׳ גוים אונז האבן אלז גוטש גיטאן
אן אלן אורטן׳ דא מיר זיין גיוועזן;
הש״י זאל אין געבן גוטן לוֹן׳
אָבֶר אין איינם אנדרן וועזן[258]·

---

[241] «טון (אָדער: נאָכטון) לויה» הייסט אין דער עלטערער שפּראַך: באַלייטן· [242] זייער· [243] טויער· [244] באַהאַלטן — אויפהיטן· [245] צוהאנט — תיכף· [246] אין· [247] Höchst, א שטאָט ניט ווייַט פון פראַנקפורט· [248] זעהן· [249] אין עלנט, אין נויט· [250] אימפּערפעקטום: צוהֶן = צוֹגן = זייַנען געצויגן· [251] «מאַן» אין דער עלטערער שפּראַך סייַ לשון יחיד, סייַ רבים· [252] Offenbach· [253] שוין· [254] = דערזעלביגער; דער וואָס האָט געשאָסן· [255] אימפּערפעקטום: האָט געטראָפן· [256] איז געוואָרן· [257] שטאָט = אָרט; מיר האָבן נאָך דאָס וואָרט אינם אויסדריק: «א שטאָט אין שול» און אין «אָנשטאָט» — אויפן אָרט פון··; אן זיינר שטאָט — אויף זיין אָרט· [258] וועזן — שטייגער; פּשט: הלוואי זאָלן זיי ניט דאַרפן אָנקומען צו אַזאַ מין הילף·

**נה·** דיא מורדים האבן זיך ווייטר גירישט[259]׳

וויא איר דֶר נאך ווערט הערן;

זיא טעטן אלז וואשׂ זיא גילושׂט׳

עשׂ דארפט[260] זיא נִימַנט ווערן·

זיא גינגן אויף דאשׂ בית הקברות׳

אזוֹ בַלד אז מיר זיך אוועק האבן טאן ווענדן;

דארט צו ריסן[261] זיא פיל ספר תּוֹרות

אונ׳ טעטן ניקשׂ אנדֶרשׂ׳ דען[262] לעסטֶרן אונ׳ שענדן·

**נו·** איין בכור שור[263] וואר אויף דעם קברות׳

האט זיך לַנג צייט דרויף דער הַלטן;

זיא טעטן אים אן גרושׂי צרות׳

מיט אירים שווערט טעטן זיא אים שפּאלטן·

זיין פלייש זיא איינם ווירט[264] גאבן׳

דש ער זאלט דראן גידענקן:

וועלכר דער קעם[265] אונ׳ וואלט ווין האבן׳

זאלט מן אים איין שטיק פלייש דער פון שענקן·

**נז·** דש קברות וואלטן זיא ניט ליידן מער —

איין קעגיל פלאץ[266] דעש[267] צו גֶניסן׳

אַך צו בויאֶן איין שיצן הויז[268] דא הער׳

נאך דער שייבן[269] דא צו שיסן·

אונזֶר הייזֶר האטן זיא מיט קרייד גישמיצט[270]

אונ׳ מיט גוֹרל זאלטן זיא אויש ווערדן גיגעבן;

אונ׳ דש טַנץ הויז[271]׳ דש מיר לַנג האבן גיניצט׳

דארויף וואלטן זיא צעכן[272] אונ׳ וואול לעבן·

**נח·** אין אונזר בֵּית הַכְּנֶסֶת[273]׳ די הייליג אונ׳ ריין׳

פיל הדיוֹטות[274] האבן זיא דינן טון טרייבן;

---

[259] געגרייט זיך· [260] דאַרפן — טאָרן; קיינער האָט ניט געטאָרט· [261] אימפּערפעקטום: האָבן זיי צעריסן· [262] ווי· [263] אַן אָקס, וואָס מען טאָר אים ע״פ דין ניט טייטן; ביז וואַנען ער שטאַרבט, לאָזט מען אים פּאַשען זיך אויפן בית-עלמין (היינט זעהט מען אין די יידישע שטעט-לעך ציגנבעק, וואָס האָדעוועט זיך אויף בית-עלמין)· [264] א שענקער· [265] ווען ווער עס איז וועט קומען ··· [266] א פּלאַץ פאַר קעגל-שפּיל· [267] דעש (דעס) — געניטיוו; היינט זאָגן מיר: פון דעם, דערפון· [268] שיצן-הויז = שיס-הויז· [269] «די שייב» = א ראָד, וואוהין מען צילט ביים שיסן· [270] באַצייכענען, באַשמירן· [271] יידן האבן ניט נאָר אין פראַנקפורט, נאָר אין א סך אַנדערע ערטער אויך, געהאַט טאַנץ-הייזער, וואו די יוגנד פלעגט זיך משמח זיין מיט שפּיל און טאַנץ· שודט דערציילט (II, בוך VI, קאַפּ· 25, § 8), אַז אין אויגסבורג האָט מען יידן גע-געבן דאָס רעכט צו בויען א טאַנץ-הויז שוין אין 1290טן יאָהר· ליטעראַטור וועגן דעם זעה ביי Güdemann, Geschichte der Cultur u. d. Erziehungswesens bei den abendländ. Juden, III, ז׳ 139 · אָנמ· 1· [272] הוליען· [273] שול· [274] נבלות·

בייא דעם ארון הקודש בייא דעם
זעלביגן שטיין
ווארן זיא מֻזַּבל[275]׳ דש מן ניט קונט
בלייבן·
בלעטר פון סְפרי קודש נאמן זיא דא
זעלבן[276]
אונ׳ טעטן עש דרויף שטרייאָן;
דש טעטן זיא אזו גרוש אז[277] דש
גיוועלב׳
מן קאנש[278] ניט אלז שרייבן אדר
לייאָן[279]·

**נט·** נאך איינש הטן זיא זיך
בידאכט:
צו דען שררות אום אונז ארום טעטן
זיא ציהֶן׳
הטן ליגן גיטרַכט אונ׳ פאר גי־
בראכט[280]׳
דש זיך קיין שְרָרה מיט אונז זאלט
בַמיהֶן׳
דש אונז קיין שְרָרה אין נעמן[281] זאלט׳
דש זיא אונז ווייט וואלטן פַר
יאגן·
אָבֶר הש״י עש ניט האבן וואלט[282]׳
גאב אונז לייט זעליקייט[283] אין
אירן[284] אויגן·

**ס·** אלז וואש מיר טעטן אן זיא[285]
ביגערן׳
אן דיא (פירשטן)[286] אונ׳ אך הערן׳
אונזר גיבעט טעטן זיא גיווערן[287]
אונ׳ ניט לער ווידר קערן[288]·
מיט אלר גרושר דעמוטיקייט[289]
האבן זיא אונז אלז גוטש פַר גאָלטן[290];
צו אלר ביגערונג זיין זיא אונז גי־
וועזט בירייט׳
מיר טעטן וואונֶן׳ וואו מיר וואָלטן[291]·

**סא·** עש זאל אונז ניט קומן אויש
אונזֶרם זין׳
דש זיא אונז צו איגֶן[292] האבן טון
גינעהֶן[293]·
מיט פריד זאלן זיא וואנדֶרן אויש
אונ׳ אין[294]׳
קיין לייד זאל איגֶן גישעהֶן!
וואו זיא זיך הין קערן׳ זאלן זיא
ביגליקן׳
אונ׳ אירי לעבן זאלן זיך אֶר
לענגן[295];

[275] מזבל זיין — פאַרשמוצן· [276] דאָרט גופא· [277] אזו גרוש אז · · · — אַזוי גרויס ווי דאָס געוועלב איז; איבער דער גאַנצער גרייס פון געוועלב· [278] קאָן עס· [279] = לייענען·
[280] פאָרברענגען — דערציילן· [281] איננעמען = אַריַינגעמען· [282] האָט עס ניט געוואָלט האָבן.
[283] חסד· [284] זייערע· [285] פון זיי· [286] דאָס וואָרט «פירשטן» שטייט אין האלבע לבנות — מסתמא פון גרויס יראת־הכבוד וועגן, פונקט ווי אין א סך ווערק פון אונזער עלטערער ליטעראטור זייַנען אַלע העברעאישע ווערטער אַוועקגעשטעלט אין האַלבע לבנות· אַמאָל שטעלט מען אויך האַלבע לבנות, כדי סתם אונטערצושטרייכן א וויכטיג וואָרט (זעה סטראָפע סו׳, סט׳)· [287] ערפילן·
[288] ווידר קערן — אומקערן; זיי האָבן אונז ניט אָפּגעשיקט צוריק «לער», ד״ה מיט גאָרנישט·
[289] דאָס רוב הייסט דאָס «עניוות»; דאָ: גוטסקייַט, ווייכקייַט· [290] באַצאָלן (ניט דווקא געלט), אָפּדינען· [291] האָבן געוואָלט· [292] זיי; דאָ: צו זיך· [293] דערנעהנטערן· [294] = איַין·
[295] = פאַרלענגערן·

אירי פיינד זאלן זיך קיַגן אינן בוקן׳
אונ׳ אירי צייט מיט פרייד פולי
ברינגן[296]!

סב׳ דיזי זַכן דיא זיין אל פאָר
קומן
פַר דען (קיסר יר״ה) [297] אונזרם הערן
דען ליבן:
וויא דיא מורדים דש אונזר[298] האבן
גינומן
אונ׳ מיט לַיִדיגר הַנט אונז האבן פַר
טריבן;
דער גרויש מוט וויל אונ׳ דער פַר
לוסט׳
אונ׳ אלז׳ וואש זיא האבן טון
שטיפטן[299]׳
אונ׳ אלז וואש זיא האבן גיטאן
זונשט[300]׳
איז ניקש בליבן[301] שטיַין אין ליפטן[302]׳

סג׳ אלי זַכן זיין ווארדן אן
גיהערט
לפני[303] הקיסר יר״ה דער שטארק
אונ׳ מעכטיג;
דען אֶמֶת האט ער אויש דעם שֶׁקֶר
אֶר קלערט[304]
אונ׳ וויא[305] האבן גיהַנדלט זא גאר
איבר ברעכטיג[306]׳
בריף מיט גינאָד זיין ווארן צו גי־
שטעלט
דען קומַסריא צו אייגֶנֵי הענדן:
זאלן אונז ווידר זעצן אין אונזר
גיצעלט
אונ׳ איין אורטל איבר דיא מורדים
ענדן[307]׳

סד׳ דיא קומַסריא האבן די זַכן
גינומֶן פאר דיא הַנט
אונ׳ דען מורדים טון צו שיקן[308]׳
זיא זאלן זיך היטן פר שפאָט אונ׳
שַנד׳
זאלן אָב שטיַין פון אירן בִיַזִי שטיקן׳
צום אופטֶרן מולט[309] אין אזו אן
גיצייגט[310]׳
קיין שליחות האט זיא טון דויאֶרן[311];
דיא מורדים אָבר אירי אורן[312] ניט
האבן גינייגט׳

[296] פולי ברינגן = vollbringen — ענדיגן׳ [297] יר״ה = ירום הודו׳ דערהויבן זאָל ווערן זיַין מאיעסטעט׳ [298] דאָס וואָס עס איז אונזערס; אונזער אייגנס׳ [299] אָנמאַכן׳ [300] צו לייענען: «זוסט» — צום גראַם פון «פאַרלוסט»׳ — א ראיה׳ ווי שטאַרק דער שרײַבער איז געווען אונטער דער השפעה פון דער דײַטשער אָרטאָגראַפיע׳ די אויסשפּראַך איז שוין דאַן געוויס געווען «זוסט» (דערפון אונזער הײַנטיגע פאָרם «זיסט»׳ פגל׳ אומזיסט)׳ [301] = געבליבן׳ [302] = אין דער לופטן׳ [303] פאַר׳ [304] ערקלערן — קלאָר מאַכן׳ [305] דאָ פעלט «זיי»׳ ד״ה די מורדים׳ [306] «בראַכט» — געשריי׳ געפילדער׳ ליאַרעם; איבערברעכטיג — מיט א גוואַלדיגן טומל׳ [307] פסק׳ענען׳ [308] שיקן אַן אָנזאָג׳ [309] מולט = מאָל׳ א «ט» צוגעקומען׳ ווי אין אָנ׳עט׳ אָפּ׳עט א׳ ד׳ ג׳; צום אָפטערן מאָל — א סך מאָל׳ כמה מאָל׳ [310] אנצייגן — געבן צו וויסן׳ [311] דויערן — פאַרדריסן; זיי האָבן ניט געשפּאָרט׳ ניט געזשאַלעוועט . . . [312] = אויערן׳

האבן זיך פֿר לאָזן אויף אירי שטַרקי
מויאֶרן·

## סה· דיא קוֹמסַריא מיט אירם דעמוטיגן מוט

האבן דיא זַכן לַנצום[313] לוֹזן שלייכן[314]
זיא העטן עש גערן גיזעהן גוט·
דש זיא עש אין דער גוטי[315] העטן
קענֶן פֿר גלייכן[316]·
אבר דיא מורדים דעש גלייכן[317] האבן
ניט גיטאָן·
האבן ניקש אויך אירי[318] רײַד געבן[319];
דארום האבן זיא אנטפֿנגן[320] אירן לוֹן·
עש מוכטן[321] לייכט אירי איין טייל
נאך לעבן·

## סו· דיא קומסריא האבן פֿר צאָרן גיברענט

אונ׳ האבן אירי פקידים[322] טאן
גיביטן[323]:
«זא איין (פֿרַנקבורטר)[324] קומט אין
אייערי הענט·
זאלט איר אין פֿר וואכן[325] אונ׳ היטן;
זא איין פֿרַנקבורטר טרעט אויף
אונזר ערד·
זאלט איר אין איין שליסן:
אונזר אורטל האבן זיא פֿר שטערט
אונ׳ דעם קֵיסרש מאַנדאַטן וועלן[326]
זיא ניט ווישן·»

## סז· דיזר ביפעלך האט גאר וואול גיבֶּט[327]·

פיל סוחרים האט מן טאן ווענדן
אין גערלסום[328] דער פירשטן שטאט
אונ׳ אך פיל אן אנדֶרן ענדן[329]·
פיל מענשן זייןווארדן גיפאנגֶן
אן אלי אורטן· אויף אלי שטרוֹסן[330];
קיינר דער דא זיכֶר איז גַנגֶן·
נימַנט האט מן פרייא גילוסן·

## סח· אין פֿרַנקפורט הטן זיא זיך אֶר וועקט·

דיא אויש דֶר ווֵילטן אונ׳ דיא בעשטֶן:
«וואש זאלן מיר אֵיביג זיין אזו פֿר
שטעקט[331]·
צו בלייבן אין אונזרן נעשטן?
דען קוֹמסַריא וועלן מיר געבן
גיהער[332]·
דאש[333] קיסרש רֵיד מיר ניט וועלן
פֿר שווענן —

[313] = לאַנגזאַם· [314] גיין שטילערהייט· [315] = מיט גוטן· [316] פֿאַרגלייכן = אויסגלייכן, מאַכן א פשרה· [317] = דאָסגלייכן; אַזוי· [318] זייערע· [319] גאָרנישט געבן אויף די רייד — ניט געקוקט אויף די רייד· [320] באַקומען· [321] ס׳האָבן געקאָנט· [322] באַאַמטע· [323] באַפֿעלן· [324] וועגן די האַלבע לבנות אויבן (אָנמערקונג צו סטראָפֿע ס׳)· [325] «פֿאַרוואַכן» אין עלטערן דײַטש און יידיש: האַלטן אונטער א שמירה· [326] ווילן· [327] אין העברעאישן טעקסט שטייט: «עשה רושם»; «געבויט»? אדער אפשר פון boten — אָנזאָגן, באַקאַנט מאַכן? [328] Gerolsheim· [329] דאָ: ערטער· [330] = Strassen; גאַסן· [331] באַהאַלטן, פֿאַררוקט· [332] געבן געהער — צוהערן זיך צו עמיצן· [333] אייגנטליך «דעס» (היינט: דעם קיסר׳ס)· דאָס וואָס דער מחבר (אָדער זעצער?) פֿלאָנטערט «דעס» מיט «דאָס», איז א סימן, אַז די פֿאָרם «דעס» איז שוין אין יענער צײַט אויך ניט געווען מער אין דער לעבעדיגער שפּראַך·

עשׂ מעכט[334] אונז צו לעטץ[335] ווערדן
צו שווער׳
אן אונז אלן מוכט מן עשׂ רעכן[336]·»

סט· דיזי רײַד האטן מאכט אונ׳
קראפט:
(וינץ האַנז) טעט מן היין פירן׳
זייני גיזעלן הילט[337] מן אך אין
האַפט[338]
אונ׳ וואו מן איין אויף רירֶר[339] טעט
שפירן·
אונ׳ דא דיא קומִסַריא האטן ווידֶר
דיא איבר הַנט׳
ביקאמֶן מיר ווידֶר גוטן ווילה[340];
מיר מוֹכטן[341] וואוֹנֶן הוישן[342] אויף
דעם לַנד[343]
אדר ווידר ציהן אין דיא קהילה·

ע· מיר ווארפן גוֹרל אונטר
אונז אלן׳
ווער דיא קהילה צום ערשטן זאלט
ביוואוֹנֶן·
אויף פערציג בעלי בתּים וואר עשׂ
גיפאלן;
קייגֶן טעט מן דארונטֶר פַר שונן·
אין אֱלוּל שע״ה זיא איין צוֹגן;
זיא צוֹגן איין אין אייטל[344] מורא:

זיא טעטן עשׂ נאך ניט גערן וואָגן׳
וויל דיא מורדים נאך ניט ווערן צו
כּפָּרה·

עא· אין כסליו שע״ה האט מן
דיא מורדים גיפירט
קען[345] הײַכשׂט׳ אך קען ריסלסום[346]·
ביז קען אדר שע״ו האט מן זיא ניט
גישפירט׳
אזו לַנג זיין זיא גיוועזט תּפוסים[347]·
י״ח אדר איז קען פרַנקפורט קומן
איין משולח פון דען שָׂרים׳
האט אוישׂ גירופן מיט פפייפן אונ׳
טרומן[348]
אלז[349] איך דער ציֵלן וויל דיא דבָרים·

עב· אין אלן גאסן האט ער זיך
גישטעלט׳
מיט הוכֶר שטים טעט ער אוישׂ רופן:
זא[350] דער קיסר אייך ניט גינאד
טון ועלט[351]׳
אלי אייער לייב ווער שולדיג[352] צו
שטראפן·
אן נעשׂטן[353] מיט וואוך ווערט אייער
הוך מוט[354] פַר גיֵן:
איין אורטל ווערט אייך ווערדן
גיגעבן׳

[334] אַניט קאָן אונז . . . [335] צום סוף· [336] רעכן — נקמה נעמען; פשט: מיט אונז אַלעמען קאָן מען זיך דערפאַר אָפּרעכענען· [337] אימפּערפעקטום: האָט מען געהאַלטן· [338] אַרעסט· [339] מורד· [340] = ווילן (אָפּפאַל פון n- איז א פראַנקפורטער אייגנטימליכקייט); פשט: האָט מען פונדאָסניי אָנגעהויבן גוט באַציען זיך צו אונז· [341] מיר האָבן געמעגט· [342] = אויסן, דרויסן· [343] אויפן ישוב, הינטער דער שטאָט· [344] הוילע; אין הוילע שרעק· [345] קיין· [346] Rüsselsheim· [347] אַרעסטירטע· [348] = טרומייטן· [349] ווי· [350] אויב, ווען· [351] פשט: ווען דער קיסר זאָל ניט וועלן... [352] פשט: וואָלט איר פאַרדינט, מען זאָל אײַך אַלעמען באַשטראָפן· [353] = nächsten; קומענדיגן· [354] גאווה·

וועלכֶר שטערבן מוז אונ׳ ווערט ניט
בַשטֵין׳
אוֹדֶר וועלכֶר ווערט בלייבן לעבן·

**עג·** דער מְשוּלֶח רופט אך מיט
הוכֶר שטים:
עש זאל אך קיינֶר קיין ווין טרינקן׳
ביז דער נעשט מיט וואוך איז ארום;
פון דיזֶם גיבאָט זאלט איר ניט
ווינקן[355]·
אך קיין ווירט זאל קיין ווין צַפּין׳
נייאֶרט איינֶם[356] אלטן אודר קרַנקן
מיט קיינם ווער[357] זאל זיך קיינֶר
לוזן אֶר טאַפּן[358]
עש ברעכט[359] זונשט איין בֵיזן גי־
דאַנקן·

**עד·** קיין פרויא אודֶר קנעכט
זאל ניט גֵין אויש דעם הויז׳
טעט ער אויך אויש רופן׳
ביז דער מיט וואוך איז גאנץ אויש;
אודר מן ווערט אין[360] צימליך[361]
שטראָפן·
פפייפן אונ׳ פויקן פאר דען משולח
גינגגן׳
אִידר מאן שוויג גאר שטילן[362];

מיט גרושר פאָרכט זיא זיין ידֶר
אנטפינגֶן[363];
אִידר מאן אן די פענשטֶר פילן[364]·

**עה·** צו מאָרגנש׳ אם דינשטָג
גלייך דער נאך׳
אלי צימר לייט[365] טעטן זיא ריכטן:
צו דער ערבייט[366] וואר אין גאך[367]׳
דער קומסריא גיבאָט ניט צו פַר
ניכטן·
איין גרוש גישטעל ריכטֶטן זיא אויף׳
אויף דען ראָש[368] מַרק טעטן זיא
עש שטעלן;
זעקש שטאַפלֶן מוזט מן גֵין אנויף;
אויף ביידי זייטן האט עש שטאַפּלן
אונ׳ שוועלן·

**עו·** אויף דש גישטעל האָבן[369]
זיא מיט אירֶר הַנד׳
וויא איין טיש אויף פיר פיסן׳
דארויף אן צו ריכטן[370] זינד אונ׳ שאַנד
דיא פינגֶר פון דען׳ דיא דא מוזן
ביסן[371]·
אך דש דער תליון דארויף לֵיגן
זעלט[372]
זיין שווערט אונ׳ אנדֶרי זאכן;

---

355 זיך אָפּקערן· 356 סײַדן פאַר אן··· 357 = געווער· 358 ertappen — כאַפּן·
359 פשט: אַניט וואָלט דאָס געקאָנט ארויפברענגען אויף א בייזן געדאַנק· 360 = אים·
361 ווי ס׳געהער צו זיין· 362 = שטיל· 363 אימפּערפעקטום פון «אַנטפאַנגען» — צונעמען·
364 אימפּערפעקטום: זײַנען צוגעפאַלן· 365 בוימײַסטער· 366 = ארבעט· 367 = גיך
(אויסשפראַך מסתמא gåch)· 368 ראָס — פערד· 369 אימפּערפעקטום פון «הייבן»:
האָבן זיי געהויבן· 370 אנריכטן — צוגרייטן; דאָ: אנטון (שאַנד)· 371 נה״ד büssen:
באַקומען די שטראָף· 372 = זאָל·

דיא קומסריא האטן עס אך אזו גי־
שטעלט,
דש מן דש אלז זאלט פּאָר[373] מַכן[374].

**עז.** פיר אדלר טעט מן דא גינעהן,
וואורדן אן גישלאגן אויף פיר זײַלן;
דורך דען אויברשטן[375] שוטר[376] וואר
עש גישעהן;
דיא עש זאַכן[377] דיא מוזטן היילן[378].
איין קליין גישטעל נאך אלֶר גימעס[379]
אן דען ראָס צאָל[380] טעטן זיא עש
מאכן;
צו דען הערן זאלט דש זיין איין
גיזעש[381],
דש זיא דא פַר ריכטֶטן[382] אירי זַכן.

**עח.** דיא קוֹמְסַריא הטן אונזֶרן
(פַּרנָסים)[383] צו פּאָר גיזייאט[384]:
אויף דיזן טאג זייט פַר הַנדן[385];
זאלן קומן אלי יודין דיא דא זיין פּאַר
שפרייאט,
דיא דא זיין הין גיצוגן אין אלי
לַנדן.

זיא זאלן קומן פַר דיא פּוֹקנהיימֶר
פּפאָרט,
אונ׳ קיינֶר זאל עש פַר לאסן[386];
זא וועלן מיר אייך הוֹלן[387] דארט
אונ׳ איין זעצן אין אייערי גאסן.

**עט.** דא נון דער מיטוואך קאם
דא הער,
דא מן לַנג דער פון האט הערן זאגן,
קאם איין גרוש פאלק מיט גרוֹשֶר עהר,
רייטֶר, אונ׳ פוס קנעכט, אונ׳ הער
וואגן[388];
פַּנצֶר אונ׳ הארניש[389], שפּיס אונ׳
שווערט,
אן טרומעטן, פּויקן אונ׳ פּפייפן;
דש פאלק אַלז זיך נאך פרַנקבורט
קערט,
אז ווען זיא עפּיש וועלטן[390] אן
גרייפן[391].

**פ.** צום ערשטן דעש קואר
פירשטן[392] פאלק מיט גַנצֶר
קראפט,
ריטֶר, פוס קנעכט מיט לַנגן שפּיסן,

---

373 אפריער. 374 «פאר מכן» — צוגרייטן אפריער. 375 דער «וי» באצייכנט דאָ פּשוט אַן e, וואָס שטאַמט פונם עלטערן ö (öberster). אָט די פאָרם מיטן ö גיט אונז צו פאַרשטיין, פון וואַנען עס נעמט זיך אונזער איצטיגע אויסשפּראַך «אייבערשטער» (ליטוו. ej, פויל. aj). 376 אויפן הײַנטיגן לשון: פּאָליציאַנט. 377 אימפּערפעקטום פון «זעהן»: דיא וואָס האָבן דאָס געזעהן. 378 שרײַען, וויינען אויף א קול. 379 אײַנגאַנצן לויט דער מאָס, ווי ס׳געהער צו זײַן. 380 ראָס־צאָל: אין דעם אָרט, וואו מען נעמט צאָל (מֶכֶס) פון די פערד. 381 אַן אָרט צום זיצן. 382 פאַרריכטן — אָפּטון. אין העברעאישן טעקסט שטייט אָנשטאָט דעם: «שלא יהיו נדחקים ונדרסים» — «כּדי מען זאָל זיי ניט שטופּן און טרעטן». 383 פאָרשטייער פון דער קהילה. 384 = געזאָגט. 385 = פאַראַן. 386 פאַרזאַמען. 387 אָפּנעמען. 388 הער (מה״ד her, נה״ד Heer) — חיל; הערוואָגן — רײַטוואָגן. 389 א מין שוץ. 390 גלייך ווי זיי וואָלטן געוואָלט... 391 אָנפאַלן. 392 «דער קורפירשט» — דער אַרציביסקופּ פון מאַינץ.

מיט גרושער מאכט, מיט גרושער הער־
שאפט;
אך טאַפּיל הוקן[393], שויצן[394] מיט צו
שיסן.
צור גאלגן[395] פּפארט טעטן זיא היניין
דרינגן,
מיט גרושם שטורם טעטן זיא רענן[396];
דיא טרומן אונ׳ פּפייפן טעטן קלינגן,
איר פעלד צייכן[397] טעט מן בלד
קענן.

**פא.** איי[398] דיזש פאלק האט איין
ענד,
קאם דעש פירשטן פון דאַרמשטט
פאלק גיריטן:
איין וואול גירישט פאלק אונ׳ גאר
ביהענד[399],
אלז וויא דא איז דש קריגש פאלק
זיטן.
דורך דיא פוקנהיימר פּפארט
שפרענגטן[400] זיא אניין,
גאר הערליך אונ׳ וואול גיצירט;
טרומן אונ׳ פּפייפן קלונגן[401] אך
דאריין
איר הויבט מן[402] האט זיא אזו גיפירט

**פב.** זיא האטן מיט זיך גיבראכט,
דער דוכּסים[403] גיזינד[404],
אין אייזערן קעטן[405] אן גישלאסן
איין טייל פון דיא תּפוסים דיא ווילדי
קינד[406],
דיא זיא אין אירם לנד האטן איין
זעצן[407] לוסן.
זיא שפרענגטן אין דיא גאסן, אויף
די מערק,
אונ׳ אויף אלי דיא פעשטן[408];
זיא נאמן זיא איין מיט גרושר שטערק
אונ׳ זעצן דארויף שומרים דיא
בעשטן.

**פג.** מיר זאמלטן זיך צו אננדר
גאר גישווינד
פאר דער בוקנומר פּפארטן[409];

---

393 הוקן (hokn) איז אייגנטליך געשיכטליך ריכטיגער, איידער אונזער היינטיגע פאָרם «האַקן», מחמת אין מה״ד הייסט דאָס וואָרט «hâke», און א לאַנגער a גיט אין יידיש כּסדר אַן o. אפנים, עס איז נאָך געווען אין מה״ד א דיאַלעקטישע ביַיפאָרם מיט א קורצן a. — טאָפּל־האַקן — א מין שיס־געווער. 394 שויצן Schützen (וי = ü) = שיסער. 395 גאַלגן — תּליה; Galgentor — איינער פון די טויערן פון פראַנקפורט. 396 לויפן; פאָרן ריַיטנדיג. 397 פעלדצייכן — פאָנע. 398 = איידער. 399 פלינק. 400 אויף גיך אַריַינפאָרן ריַיטנדיג. 401 אימפערפ.: האָבן געקלונגען. 402 הויפּטמאַן — אָנפירער. 403 דוכּס (א וואָרט, וואָס באַגעגנט זיך אָפט אין דער עלטערער יידישער ליטעראַטור): פירשט, הערצאָג (פון לאַט. dux). 404 «געזינד» באַטיַיט תּחילת די געפאָלגסליַיט פונם הערשער, זיַין דינערשאַפט, דערנאָך סתּם, ווי אויף דעם אָרט אויך: דער חיל. ס׳איז דערזעלבער שורש, ווי דאָס דיַיטשע senden (שיקן). — דער באַגריף «הויזגעזינד, משפּחה», וואָס מיר געפינען אין סטראָפע פג׳, איז שוין צוגעקומען דערנאָך. — קאָנסטרוקציע: זיא, דער דוכּסים גיזינד, האטן מיט זיך גיבראכט איין טייל פון דיא תּפוסים, אין... קעטן אן גישלאסן... 405 = קייטן. 406 «קינד» איז אין דער עלטערער שפּראַך סיַי יחיד, סיַי רבים. «די ווילדע קינדער» — איידעלער אויסדרוק, אָנשטאָט: «די פאַרברעכער». 407 איַינזעצן = אַריַינזעצן. 408 = באַפעסטיגונגען. 409 Bockenheimer Tor.

איין איקליכֶר[410] מיט זיינם גיזינד[411]׳
וואו מיר זיין גיוועזט פון אלן אורטן·
אך זונשט אַנדֶרֵי ב״ב[412] מער׳
דיא דא וואוֹנטן אונטֶר אַנדֶרֵי שָרָרות׳
לופן אך מיט אונש קען פרַנקבורט
הער׳
דש זיא קענן זאגן דער פון לדוֹרֵי
דוֹרוֹת[413]·

פד· אם מיט וואוך׳ אי עש הוב
אן צו טאגן׳
דרייא פעלד געשיץ[414] טעט מן פירן
אויף דעם ראס מַרק אויף דרייא
וואגן·
דא עש טאג ווארֿ טעט מן זיא[415]
שפירן[416]·
אֵי דש פאלק קאם צו רייטן׳
ווארן דיזֶי זאכן אלז פאר אן גי־
שטעלט[417]׳
דאש מוזט[418] אלז גישעהן ביצייטן
דש ניט אֵידֶר מַן[419] דער פון ווישן
זעלט[420]·

פה· דיא תליונים זוימטן זיך
אך ניט;
עש ווארן אירֶר זעקש אוֹדר זיבן;
אירי כלי משחית[421] בראכטן זיא מיט׳
אזו ווַרדן זיא ווארדן בישריבן[422]·
אויף דש גישטעל טראטן זיא מִיט איין
אונ׳ דוֹרטן טעטן זיא ווארטן;
אירי שווערטֶר מאכטן זיא היפש אונ׳
ריין
דש זיא ניט האטן שאַרטן[423]·

פו· פום[424] ראס צאל לייאט[425]
מן איקליכם זיין בישייד[426]׳
איקליכם מוֹרֶד ביזונדֶר מיט זייֶנֶם
נאָמֶן;
עש וואר אים ליב אדר לייד —
דער נאך דיא תליונים אין ביקוֹמן·
צום ערשטן האט מן דא הער גי־
בראכט
(וינץ האנז)׳ פַר פירֶר דער לייטן[427];
זיין אורטל וואורד[428] צום טוֹט גי־
דאכט׳
אז איך אייך ווייטֶר וויל ביטייטן[429]·

פז· דיא תליונים קאמן מיט אים
גירענט[430];
אויף דש גישטעל דא מוזט ער בלייבן·
דא הויאטן[431] זיא אים צוויֵן[432] פינגֶר
פון דער רעכטֶי הַנט
אונ׳ דער נאך זיין קאָפְּא[433] פון זייֶנֶם
לייַבן[434]·

---

[410] איטליכער· [411] משפחה· [412] בעלי־בתים (באַלעבאַטים)· [413] אויף אייביגע צייטן· [414] האַרמאַטן· [415] די האַרמאַטן· [416] = דערשפירן, באַמערקן, דערזעהן· [417] איז אַלצדינג געווען אָנגעגרייט פון פריער· [418] אימפערפעקטום; = האָט געמוזט· [419] יעדער איינער· [420] = זאָל· [421] פאַרניכטונגס־געצייַג· [422] אַזוי ווי זיי זייַנען באַשריבן געווארן (אויבן, סטראָפע ער׳)· [423] Scharte — א פגם· [424] = פון דעם, פונם· [425] = לייענט· [426] פסק [427] געניטיוו; = פון די לייַט· [428] איז געוואָרן· [429] געבן צו פאַרשטיין, דערציילן· [430] געלאָפן· [431] הויען — האַקן· [432] = צוויי· [433] שטומער א· [434] פון זייַן לייַב·

זיין גידערם אונטר דען גַלגן זיא
טעטן ביגראבן׳
דען לייב טעט מן נאך איין וויל
ביהַלטן׳
אזו זול עש גֵין אלי מוט וויליגי
קנאבן[435]׳
דיא דא וועלן הערשן מיט גיוואַלטן׳

**פח׳** זיין קוירפֶּר[436] האט מן גי־
טאן אַוּוייל אויף איין זייט׳
ביז אלי אורטל ווארדן גיהַלטן;
דער נאך נאם מן זיין פלייש׳ דא עס
ווַאר צייט:
צו פיר טייל ווַאר מן אין שפאַלטן[437]׳
אונ׳ הענגט זיא אן פיר שטראסן׳
צו איינר גידעכטניש דא הענגן בלייבן׳
דש זיך איין אַנדֶרֶר זאל דראן שטוֹסן[438]
אונ׳ זאל ניט זא גרושי מוט וויל
טרייבן׳

**פט׳** זיין הויז טעטן זיא צו דער
ערדן פעלן[439]׳
צו אֵיבִיגֶר צייט זאל ניט גיבויט
ווערדן;
איין שטיינֶן זיַיל אן דיא שטאָט[440]
צו שטעלן׳

דארויף צו שרייבן אַל זיינֶי גיבערדן[441]׳
דיא אַנדֶרֶי דרייא מיט נאמֶן גינענט[442]:
קונרַט שאָפְּא׳ שוואבן יורג׳ גערן
הַנז גרוש;
מן היב[443] אין אב דיא פינגֶר פון דען
הענט׳
דער נאך לַיֵגט מן אינֶן[444] דען קאָפְּפא
אין דען שוֹס[445]׳

**צ׳** דש אורטל האט מן טאן אויש
שפרעכן׳
דש מן דיזי פיר הייפטֶר[446] זאל נעמן׳
אויף איינֶן הוֹכן טוֹרן[447] זאל מן זיא
שטעכן׳
דש זיא ניט אראבֶר[448] קעמן[449]׳
אויף דען בריקן טוֹרן ווארדן זיא
גישטעקט׳
דיא הייפטֶר פון אלי פירן;
אירֶר בוזהייט[450] ווערט ניט אויש גי־
מעקט׳
אזוֹ לאנג אז מן דיא הייפטר טוט
שפירן[451]׳

**צא׳** מן ברוֹכט[452] נאך אך
אַנדֶרֶי דרייא׳
איר נאמן דיא וויל איך נעֶנן[453]

---

[435] «מוטוויליגע קנאבן» (Knabe) הייסט אייגנטליך «יינגל»)׳ ווי אויבן׳ סטראָפע פב׳, «ווילדי קינד»׳ [436] וי = ö, ארויסצוריידן ווי e (זעה אויבן, סטראָפע עז׳, די אָנמערקונג צו «אויבערשטער»)׳ [437] האָט מען אים געשפּאָלטן׳ [438] «שטוסן» (שטויסן) זיך אָן עפּעס — נעמען עפּעס אין אַכט; פגל׳ אונזער «אָנשטויסן זיך»׳ [439] פעלן — מאַכן פאַלן׳ [440] אויף דעם אָרט׳ [441] אויפפירונג׳ [442] אָנגערופן׳ [443] אימפּערפעקטום פון «הויען» — האַקן; מען האָט זיי אָפּגעהאַקט׳ [444] זיי׳ [445] = שויס׳ [446] הויפּט — קאָפּ׳ [447] = טורעם׳ [448] = אַראָפּ (פּונקט ווי מען זאָגט הײַנט: «אראָפּ׳עט»)׳ [449] זיי זאָלן ניט קומען ··· [450] = ביזקײַט; רשעות׳ [451] ווי אין סטראָפע פד׳: זעהן׳ [452] אימפּערפעקטום: מען האָט געבראַכט׳ [453] אָנרופן׳

אדלוף[454] קאַנטור׳ הערמן גייז ווארן
אך ניט פרייא[455]׳
שטעפן וואלף טוט מן אך וואול קענן׳
דיא הייפטר פום לייב טעט מן אב
שלאגן׳
דיא קערפער פילן צו דער ערדן;
דער זולכיש האט גיזעהן מיט אויגן
זעלט ביליך[456] פרום ווערדן׳

**צב׳ עטליכי האבן אירן לון אך אנטפנגן:**
אירר ניין האט מן טאן אויז פיצן[457]׳
וויל זיא דיא שטאט זיין אזו הינטר
גנגן[458]׳
האבן צו גיהלטן[459] מיט דען און
ניצן[460]׳
מן האט דיא שטאט פר וויזן[461] אירר
עכט[462]׳
דער שוטר האט זיא אנויש טאן פירן:
זיא האבן גיהנדלט גיהט אך ווידר
רעכט[463]׳
דארום איז איר[464] ער[465] גיוועזט פר
דען טירן[466]׳

**צג׳ מיר האבן גיוואָרט פר דער בוקנומר פפארט׳**
ביז דש ווערק אלז איז גיוועזט גי־
שעהן;
דא איזט איינר קומן[467] צו רייטן
דארט׳
וויא איין הויפט מן האט ער גיזעהן[468]׳
צו אונז קומן[469] אונ׳ ווידר[470] אונז
גיזייאט[471]׳
דש מיר אונ׳ דיא גנץ יודיש הייטן[472]
פר דער גלגן פפארט זולן זייז בי־
רייט;
פון דען וועלן זיא אונז אין דיא גאסן[473]
גלייטן[474]׳

**צד׳ פאר דיא גלגן פפארט האבן מיר זיך טאן שלייפן[475]׳**
דער הויפט מן איז ווידר[476] צו אונז
קומן

---

[454] אַדאָלף׳ [455] ד״ה פריי׳ פון שולד׳ [456] מיר קענען איצט נאָר דעם קאָמפּאַראַטיוו פון אָט דעם בײַוואָרט: «בילכער»׳ «ביליך» הייסט «פּאַסיג»׳ און דערפון נעמט זיך דער נײַער פּשט פונם וואָרט «ביליג» — פּאַסיג לויטן פרײַז׳ די עלטערע יידישע ליטעראַטור קאָן פאַר אָט דעם באַגריף «ניט־טײַער» נאָר דאָס וואָרט «וואָלוול»׳ [457] שלאָגן מיט ריטער׳ שמײַסן (אייגנטליך: קנײַפּן׳ צופּן)׳ [458] הינטערגיין — אָנפאַלן אויף עמיצן; אָפּנאַרן׳ [459] צוהאַלטן — מאַכן חברותא׳ גיין צוזאַמען מיט עמיצן׳ [460] «די אוננוציגע» — די רשעים; פּגל׳ אויבן׳ סטראָפע ט׳: «און ניצי וואַרט»׳ [461] פאַרווייזן — פאַרטרייבן׳ [462] = אַכט׳ [463] קעגן דעם געזעץ׳ [464] = זייער׳ [465] = ערע׳ [466] פּשט: דערפאַר האָט מען זיי געבעטן מחילה אין דרויסן אַרויס׳ [467] = געקומען׳ [468] אויסגעזעהן׳ [469] = געקומען׳ [470] צו׳ [471] = געזאָגט׳ [472] «הייט» איז תחילת געווען א זעלבשטענדיג וואָרט און האט באַטײַט «פּערזאָן»; «דיא גנץ יודיש הייטן» הייסט דעריבער אַזוי פיל׳ ווי «אַלע פערזאָנען׳ וואָס זײַנען יידן»׳ ד״ה אַלע יידן׳ — שפּעטער האָט דאָס וואָרט «הייט» (אָדער «קייט»)׳ דערהויפּט אין צוזאמענזעצונגען׳ באַקומען די באַדײַטונג: באַשאַף׳ וועזן׳ שטייגער׳ דער אויסדרוק «יידישהייט» אין זינען פון «יידנטום»׳ «יידישע קהילה» איז א גאַנץ געוויינטליכער אין מיטלהויכדײַטש און באַגעגנט זיך אויך אין אָפּי־ציעלע דאָקומענטן׳ [473] אין דער גאַס אַרײַן׳ [474] פירן׳ באַלייטן׳ [475] «שלייפן» אייגנט־ליך = שלעפּן; דאָ: זײַנען מיר אַוועק׳ [476] פונדאָסנײַ׳

מיט טרומן, אונ׳ פויקן, אונ׳ פפייפן,
מיר האבן זיא בַלד הערן ברומֶן;
אך פיל פאלק מיט גרוֹשם פרייז[477],
רייטר אונ׳ פוס פאלק, איין גרושי שארן[478]:
«איר זאלט ניט גין וויא דער יודן וויין[479],
נייארט זעקש אונ׳ זעקש זאלט זיך פאָרן.»

צה. מיט ערשטן[480] איין גרושר פאלק, אייטל פוס קנעכט,
דיא ביקסן איבֶר דען אַקסלֶן לאגן,
דער נאך דיא רייטֶר וואוֹל גירישט רעכט,
ניט שענֶר גיזעהן ווארדן מיט אגן;
אלז דען[481] דיא אדלֶר אויף איינֶן וואגן גילעגן זינד[482],
אונ׳ דער נאך דיא פפייפן אונ׳ טרומן;
אלז דען מיר ארמי דֶר שראָקֶנֶי קינד
אינן נאך גַנגן אונ׳ מיט קומן.

צו. איין רייטֶר מיט איינֶר זיל־בערן טרומיֵט נאך אונז צוֹך[483],
אונ׳ דער נאך רייטר אונ׳ ריטר פיל זערי[484];
אלז דען פיל פוס פאלק צוג ווידֶר נאך,
וואל גירישט דיא אלי ווערי[485].
אין אלי גַסן, וואו מיר אין קערטן,
בליז[486] מן דיא טרומן מיט גַנצֶר גיוואלטי;
אלי דיא בארגֶר דיא דש הארטן,
דיא העטן גיוועלט, זיא העטן אונז פאר[487] ביהאלטי[488].

צז. בייא דעם גישטעל צוֹגן מיר דא הער,
דא מן דארויף זיא אלי האט טאן ריכטן;
איין גרוש פאלק שטַנד דא אין איר ווער,
דיא דא הַטן מוזן זיין בייא דען גישיכטן[489].
מיט איינם פליגנדיגן[490] פאנֶן[491] וואָל איבר דיא צייל[492]
פירט מן אונז צו אונזרי גאסן;
דא קאם איין שרייבר אין איינר אייל
אונ׳ טעט דיא אדלֶר צו זיך פאסן[493].

477 לויב, פראַכט. 478 מחנה. 479 ווייז — שטייגער: «איר זאָלט ניט גיין אויפן יידישן שטייגער» (האָט געזאָגט דער הויפטמאַן). 480 פריער. 481 אלזדען — דערנאָך. 482 = זיינען. 483 אימפּערפעקטום: איז געצויגן. 484 זייער פיל. 485 ווערע (דערזעלביגער שורש, ווי «געווער») באַטייַט: «געווער» (ווי שוין אויבן און אויך אין סטראָפע צז׳) און «חיל». «דיא אלי ווערי» — דער גאַנצער חיל. 486 אימפּערפ.: האָט געבלאָזן. 487 פריער, לכתחילה. 488 = באַהאַלטן; איבערגעלאָזן ביַי זיך. 489 געשיכטע = געשעהעניש. 490 דער מחבר שרייַבט אמת יידיש: דער פּארטיציפּ ענדיגט זיך ביי אים אויף ־יגער און ניט, ווי מאַנכע זייַנען זיך היינט נוהג צו שרייַבן אונטער דער ווירקונג פון דייַטש: «פליענדער». 491 «פאָן» איז אין דער עלטערער שפּראַך אָפּט־מאָל לשון זכר. 492 צייל (אייגנטליך: «שורה») — איינע פון די גרעסטע גאַסן אין פראַנקפורט. 493 נעמען צו זיך.

**צח׳** דרייא אדלר טעט ער אן העפטן
אין אונזרי גאסן אן דרייא טארן׳
מיט שטַרקֶן נעגיל מיט קרעפטן׳
איין פרייאַט[494] צו זיין צו לַנגֶי יארן·
אין דעם קאם איין מעכטיגֶר שרייבֶר צו רייטן
אונ׳ דיא נייאי קיומים[495] טעט ער לאנגן[496]׃
אונזרי פרנסים שטַנדן אים אן דער זייטן׳
אונזר קהל קאם דר צו אן גיגאנגן·

**צט׳** צוואו[497] גַנצי שעות האט ער צו טון׳
ביז ער זיא האט גילייאט[498] צו דעם ענדן׃
אל דאש פאלק בליב אלז שטיל שטאן׳
קיינר טעט זיך קערן אודר ווענדן·
דער נאך הורט[499] קיינר זיין אייגן ווארט
פון וועגן גרוש פפייפן אונ׳ טרומן׃
אל הילטן זיא הַלטן[500] דארט
ביז מיר אין אונזר הייזֶר ווארן קומן·

**ק׳** איין טרומֵיטֶר ריט[501] מיט אונז צור גאסן אניין׃
גאר הוך בליז ער אן מיט קרעפטי׳
ביז איין איקליכֶר אין זיין הויז גינג אניין׃
דֶר נאך צוג ער[502] ווידֶר היים נאך זייני גישעפטי·
מיר צוגן איין מיט גרושֶר פרייד
אין אונזֶרי הייזֶר׳ וויא מיר זיא פאנדן[503]׃
השם ית׳ זאל אונז ווייטֶר ביהיטן פר אלם לייד׳
ביז משיח צדקינו וועט זיין פַר הַנדן·

**קא׳** פיל מעכטיגי סכנות דיזֶר צייט צו פאר[504]׳
דיא אונֶזר קהילה האבן איבֶר לאפן[505]׃
וואול אכט אודר ניין יאר׳
דש מיר מיט רוא ניט האבן גישלופן·
אונזֶרֵי גרושִי זינד דאש אלז מַכין׳
זיא זיין אופן בורט[506] אונ׳ אך פַר בארגן·
הש״י האט אונז גיוויזן׳ מיר זאלן וואכן׳
אונ׳ איקליכר איז שולדיג[507] דער פאר צו זארגן·

---

[494] = פרײַהײַט, פּריווילעגיע. [495] דאָס אייגענע. [496] = דערלאַנגען. [497] אין מה״ד זײַנען פאַראַן דרײַ פאָרמען פאַר «2»; מענליך: zwêne, ווײַבליך: zwô, זעכליך: zwei. שפּעטער האָט זיך די פאָרם «צוויי» אויסגעשפּרייט אויף אַלע דרײַ געשלעכטן. אין אונזער מגילה ווערט נאָך דער כּלל אפּגעהיט: אויבן, סטראָפע ו׳, שטייט «צוויֵן»; דאָ, היות ווי «שעה» איז ווייבליך, שטייט «צוואו». [498] = געלייענט. [499] = הערט. [500] מסתמא א טעות, אנשטאָט: «טעטן זיא האלטן». האלטן — וואַרטן, צו־וואַרטן. [501] אימפּערפעקטום פון «רײַטן»: איז געפאָרן רייטנדיג. [502] דער טרומייטער. [503] אימפּערפעקטום פון «פינדן» (געפינען): מיר האָבן זיי געפונען. [504] פאַר דער דאָזיגער צײַט, וואָס איז דאָ באַשריבן. [505] באַפאַלן, טרעפן. [506] offenbaren — אַנטפּלעקן; אָפן. [507] מחויב.

קב· דארום זאל איין איקליכר
לאזן[508] זייני בֵיזֵי ווערק׳
דער נִסים ונִפְלָאות ניט צו פר געשן[509]׳
אזו וואול אז[510] יציאת מצרים מיט
גרושר שטערק׳
דא מיר דינֶן[511] קנעכט זיין גיזעשן·
מיט פלייס[512] איז קומן דש אלז
פון גאט׳
דש מן הופֶרט[513] אונ׳ מוט וויל זאל
אב שטעלן׳
אודר ועלכר זונשט גיזינדט[514]
האט;
השי״ לאזט זיך ניט שנעלן[515]·

קג· אלי מייני רֵיד׳ וואש איך
דא האב גירעט׳
אלז׳ וואש איך האב גיזונגן׳
קיין ליגן האב איך דא אינֶן[516] פַר
צעט[517]׳
נייארט דיא ווארהייט ביצייגט מיט
מייֶנר צונגן·
נייארט קערט אב פון אלם בֵיזֵן׳
אונ׳ דאש גוט ביפאַסט[518] מיטביידֵי
הענדן׳
זא ווערט אונז הש״י פון אלֵי צרות
דער לֵיזן
אונ׳ משיח בן דוד זענדן[519]·

# אמן וכן יהי רצון

## תם ונשלם

על ידי הפועל במלאכת הקודש מרדכי בר יהודה שליטא[520]·

---

[508] אַוועקוואַרפן· [509] כּדי ניט צו פאַרגעסן · · · [510] פונקט ווי · · · [511] דינען = דרינען׳ דאָרט אינעווייניג׳ דאָרט; בשעת מיר זײַנען דאָרט געזעסן׳ ווי קנעכט· [512] מיט א כּיוון; פגל·: אויף־צו־פלײַסנס· [513] גאווה: דערפון אונזער הײַנטיג וואָרט: «האָפערדיג»· [514] = געזינדיגט· [515] אָפּנאַרן· [516] אײַך· [517] דאָ מוז זײַן עפּעס א גרייז; אפשר «פאַריעט»? jëhen הייסט «זאָגן» אין מה״ד׳ verjëhen — דערציילן; אָבער פון jëhen וואָלט דער פּאַרטיציפּ געדאַרפט זײַן «פר יעהען»· אָדער אפשר איז עס דאָס צײַטוואָרט מה״ד verzetten׳ וואָס באַדײַט (Lexer III, 318): verstreuen, verlieren? דאן וואָלט דער פשט געווען אַן ערך אַזוי: «קיין ליגנס האָב איך דאָ פאַר אײַך ניט אויסגעשאָטן»· — וואַגענזייל פאַרטײַטשט: «דערציילט»· [518] נעמט אָן· [519] שיקן· [520] דער דאָזיגער זעצער («הפועל במלאכת הקודש» — זעצן ביכער איז א הייליגע אַרבעט) איז באַצייכנט אויף דער אויסגאַבע פון 1648·

## ד״ר רי זעליגמאַן

# די גבאָזים

### א רעליגיאָנספילאָזאָפישע אויספאָרשונג

פאַר דעם פשוט׳ן מענטשן פונם המון האָט דער גאַנצער ענין פון רעליגיע א באַטײַט נאָר אויף אַזו פיל׳ אויף וויפיל זי רירט אָן זײַנע פראַקטישע׳ טאָג־טעגליכע אינטערעסן׳ מעגן זיך טיפערע נאַטורן זוכן אין דער רעליגיע א וועג צו פאַרענטפערן פאַרשיידענע האַרבע שאלות פון מוסר און אַפילו פון דערקענטעניש׳ דער מענטש פון דער מאַסע ווייס נישט און וויל נישט וויסן פון אַזעלכע חכמות׳ ער האָט קיין שום אינטערעס נישט פאַר סברות און פלפולים׳ וואָס גייען אַריבער דעם תחום פון זײַנע פערזענליכע באַדערפעניש אוּן די באַדערפענישן פון זײַן סאַמער נאָהענטסטער סביבה׳ פאַר אים איז רעליגיע א פראַגע פון פערזענליכן גליק׳ אויב נישט אויף דער וועלט׳ איז אויף יענער וועלט׳ און מיט דעם געדאַנק פון גאָט פאַרבינדט ער די פאָרשטעלונג פון א מאַטעריעלער הילף אין דעם פלאָנטער פון די לעבנס־געשעהענישן׳ ווען רעליגיע וואָלט פאַר דעם מאַסן־מענטשן נישט געווען קיין פראַקטישער ענין׳ וואָלט זי געהאַט פונקט אַזאַ פנים ווי אַלע גײַסטיגע באַוועגונגען׳ ד׳ ה׳ זי וואָלט אין דער געשיכטע פון די מאַסנבאַוועגונגען קיין שום ראָלע נישט געשפילט און וואָלט געבליבן עד־היום לחלוטין א געשעפט פאַר אַקאַדעמיעס און פראָפעסאָרן׳

מען וועט אפשר זאָגן׳ אַז די «אמת׳ע» רעליגיע האָט אויך קיינמאָל קיין ממשות׳דיגן באַטײַט נישט געהאַט פאַר די מעשים פון די מענטשן אין זייער טאָג־טעגליכן לעבן׳ און אַז נאָר פאָראורטיילן און קאַפּריז־פאַרשטאַנענע רעליגיעזע תורות האָבן געקאָנט אַרויסרופן א באַוועגונג אין די מאַסן׳ דאָס איז טאַקע אַן אמת׳ אָבער צי האָט מען אַמאָל געזעהן אין דער געשיכטע פון די מאַסנבאַוועגונגען׳ אַז ברייטע קרײַזן פון דעם פשוט׳ן

עולם זאָלן זיך אָנצינדן און קעמפן פאַר א פאַלש און קאַפּויר אויס־געטייַטשטן פילאָזאָפישן סיסטעם, ווי עס האָט גאָר נישט זעלטן פּאַסירט מיט פאַלשע אויסטייַטשונגען פון דער אָדער יענער רעליגיע, אַז למשל די סיסטעמען פון א פּלאַטאָ אָדער שפּינאָזאַ, אַפילו אין א פאַלשער, אומגעלומפּערטער און צעקאַליעטשעטער אויסטייַטשונג, זאָלן האָבן אויפ־געטרודערט די מאַסן אויף אַן ענליכן אופן, ווי די עיקרים (דאָגמעס) פון א משה, מאַהאָמעד און ישוע הנוצרי?

עס זייַנען פאַראַן היסטאָריקער, וועלכע נישטערן אומעטום עקאָנאָמישע סיבות. עס ווילן זיך דאָ אויך געפינען איבערגעשפּיצטע מוחות, וואָס ווילן הינטער די רעליגיעזע באַוועגונגען אַרויסזוכן עקאָנאָמישע כוחות. הינטער די רעליגיעזע באַוועגונגען האָט געמעגט שטעקן וואָס עס האָט געוואָלט. איך וואָלט אָבער געוועזן א בעלן צו וויסן, אויב, א שטייגער, די מחנות אַרום מאַהאָמעדן האָבן טאַקע געהאַט וועלכע נישט איז השגה פון יענע עקאָנאָמישע כוחות, וועלכע האָבן לויט די אויבנדערמאָנטע היסטאָריקער געדאַרפט שטעקן הינטער דעם איסלאַמיזם. זיי האָבן דערפון לחלוטין נישט געוואוסט. דאָס אָבער, וואָס זיי האָבן יאָ געוואוסט, און פון וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן א קלאָרן דין־וחשבון, דאָס איז געוועזן דער איסלאַמישער גן־עדן מיט די שוואַרצחֵנעוודיגע הוריעס, וועלכן דער נביא האָט פאַר זיי אויסגעמאָלט. און וועגן דעם ריידן מיר דאָך דאָ. מיר ריידן פון פאָרשטעלונגען, וועלכע שפּילן זיך אָפּ אין דעם באַוואוסט־זייַן פון די מאַסן, און נישט פון די אָדער יענע סיבות, וועלכע ליגן אפשר הינטער דעם דאָזיגן באַוואוסטזייַן.

די עובדא־מאַהאָמעד איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע רעליגיעזע באַ־וועגונגען, אונטער וואָס פאַר א פאָרם און וואָס פאַר א מאַסקע זיי זאָלן נישט אויפטרעטן. דער מענטש פון דעם המון וועט אומעטום און אַלעמאָל אין דער אָדער יענער רעליגיעזער דאָגמע קודם־כל זעהן א מיטל צום קאַמף פאַר דעם קיום, אויב נישט אויף דער וועלט, איז ערגעצוואו אויף אן אַנדער וועלט. און מהאַי טעמא, צוליב דער דאָזיגער פּראַקטישער באַציאונג צום פשוטן לעבן, וועט רעליגיע אין איר אמת'ער אָדער פאַלשער פאָרם בלייַבן די איינציגע גייַסטיגע באַוועגונג, וואָס וועט אַלעמאָל געפינען א ווידער־קול אין די הערצער פון די מאַסן. און בנוגע צו יענע טיפערע

נאַטורן, וועלכע זעהען אין דער רעליגיע עפּעס מער ווי א מיטל צו באַ־
פרידיגן ריין פּערזענליכע באַדערפעניש׳ן, וואָלט דאָס געווען א גרויסער
טעות פון זייער צד, ווען זיי וועלן קוקן מיט א געפיל פון ביטול אויף אַזאַ
מין שטעלונג פון דעם המון צו דעם ענין פון רעליגיע. גראָד פאַרקערט —
די דאָזיגע אָהן־חכמות׳דיגע און א ביסל טאַקע מגושמ׳דיגע רעליגיע פון
דעם פשוט׳ן מאַסנמענטשן איז אין דעם פּרט פון רוחניות דער איינציגער
פּלאַץ, אין וועלכן זיי ביידע, דער המון און דער דענקענדיגער יחיד,
האָבן כמעט א גלײַכן חלק. וואָרום בײַ זיי ביידן דריקט זיך אויס דער
אייגענער פאַרלאַנג — דער פאַרלאַנג, אַז דער מענטשליכער גײַסט
זאָל נישט בטל ומבוטל ווערן פאַר דער מאַטעריעלער
נאַטור, אַז דער גײַסט זאָל באַשטיין זײַן וועלטל אויף דעמ־
זעלביגן אופן ווי די מאַטעריע.

אָט איז, א שטייגער, א קינצלער, וואָס צוגייט ממש פאַר תּענוג אין
דער וועלט פון זײַנע חלומות און זעהונגען, אָט איז א דענקער, וואָס
איז פאַרזונקען ביז איבער די אויערן אין זײַנע פילאָזאָפישע פאַנטאַזיעס —
און זאָל נאָר אָקאָרשט א פיצינקע היה׳לע, א מיקראָב, זיך בײַ זיי פאַר־
נאַדזשען ערגעצוואו אין מוח אָדער אין די געדערים, אָדער זאָל זיך א
שטויב־קערנדל פאַרזעצן אין א שאַרף־פילנדיגן אָרט פון דעם אָרגאַניזם,
איז א סוף צו די אַלע גרויסע און שיינע וועלטן, וועלכע זיי האָבן אויפ־
געבויט אין זייער דמיון. קודם כל וועלן זיי זיך סטאַרען פטור צו ווערן
פון דעם מיקראָב און דעם שטויב־קערנדל. עס איז טאַקע א פאַרדראָס
און אפשר אויך א בזיון, וואָס דער דאָזיגער מיקראָב ווערט לחלוטין נישט
נתפּעל למשל פון פּלאַטאָנס דיאַלאָגן אָדער פון בעטהאָווענס לעצטע
קוואַרטעטן, אָדער וויבאַלד עס איז שוין אַזוי, וועלן דער קינצלער און
דער דענקער מוזן שטאַרק פאַראינטערעסירט זיין אין דעריין, אַז די
וועלט פון זייערע גײַסטיגע אויפבויאונגען זאָל זיך נישט דאַרפן אייביג
אַזוי מיאוס אונטערגעבן דעם מינדסטן מיקראָב, און אַז זי זאָל ווען נישט
איז באַקומען א ממשות׳דיגע מאַכט. און דאָס וויל דאָך טאַקע סוף כל סוף
דער פשוט׳ער המון־מענטש, בעת ער זוכט אין דער רעליגיע א מיטל צו
פאַרווירקליכן זײַן באַגער און זײַן בענקעניש. וואָס זוכט ער אייגנטליך
אין דער רעליגיע? ער זוכט נסים מן השמים, ד. ה. ער וויל, אַז זײַן

באַגער זאָל מקוים ווערן פון זיך אַליין אָהן אָדער קעגן דער אויסער־ליכער נאַטור מיט אירע אום׳ברחמנות׳דיגע געזעצן· דעם דאָזיגן ווילן זײַנעם רופט ער אָן אמונה׳ און דעם׳ וועלכער זאָל אים דערצו העלפן׳ רופט ער אָן גאָט·

אָבער שטאַרקער נאָך פאַר דעם באַדערפעניש אין א הילף פון דער גויט איז אפשר דאָס באַדערפעניש אין א ווענן׳ אויף וועלכן מען זאָל קאָנען אַרויפלייגן די אחריות פאַר אָט דאָס בייז פונם לעבן׳ מיט וועלכן מען זאָל זיך קאָנען קריגן׳ און צו וועלכן מען זאָל קאָנען אויסלאָזן זײַן גאַנצן כַּעס· דאָס באַדערפעניש צו שילטן און זידלען זיך איז אפשר נאָך שטאַרקער ווי דאָס באַדערפעניש צו ליבן און אָפּצוגעבן כבוד· דער קאַמף קעגן גאָט האָט אין דער נשמה פונקט אַזאַ פעסטן שורש׳ ווי דער פאַרלאַנג צו בוקן און צו בייגן זיך פאַר אים· און דער קאַמף קעגן גאָט באַטײַט דעם ביטול־הַיֵש׳ דעם נישט־ווילן אָנערקענען דעם סֵדר־העולם· דאָס איז׳ מיט אַנדערע ווערטער׳ א געוויסער מעטאַפיזישער אַנאַרכיזם׳ וועלכער טרעט אַרויס נישט אַזוי קעגן די פאַראָנדקעס אין דער מענטש־ליכער געזעלשאפט׳ ווי קעגן דעם גאַנצן סדר־העולם·

הגם דער אויסדרוק «מעטאַפיזישער אַנאַרכיזם» שמעקט שטאַרק מיט אַקאַדעמיע׳ איז דאָך דער מיין פון דערפון פָּשוט בתַכלית הפַּשטות: דאָס איז גאָר פשוט אַן אומצופרידנקײַט מיט דער וועלט· מער נישט דעם מעטאַפיזישן אַנאַרכיזם קאָן מען נישט אַזוי גרינג דערקענען׳ ווי דעם געזעלשאַפטליכן׳ וועלכער האַלט עס פאַר א חוב פאַר זיך אַרויסצוטראָגן זײַן פראָטעסט אויפן מאַרק· גראָד פאַרקערט — דער מעטאַפיזישער אַנאַרכיזם וועט זיך סטאַרען מיט כל המיטלען צו באַהאַלטן זײַן אומצופרידנ־קײַט וואָס טיפער׳ וואָרים דער מעטאַפיזישער אַנאַרכיסט בלײַבט תָמיד׳ זײַן גאַנצן לעבן׳ דער טיפישער מענטש מיט דער מאַסקע·

דעם ליבהאָבער פון אויסטערלישע׳ «העכסט אינטערעסאַנטע» פאַ־סירונגען וועלן מיר צו אונזער באַדויערן מוזן אַנטוישן· דאָ רעדט זיך נישט וועגן דעם סודות־פולן אומבאַקאַנטן און נישט וועגן דער מיסטישער דאַמע מיטן שלייער׳ נאָר וועגן א גאַנץ געוויינטליכן מענטשן׳ וועלכן מען טרעפט אויף איטליכן טראָט אין דעם טאָג־טעגליכן לעבן· דעם מענטשן מיט דער מאַסקע קאָן מען זעהן און טרעפן אין די פאַרשיידנסטע

ערטער: ביים פּראָפעסאָרן־שטענדער, אין דעם חדר פון א רעדאקציע, אין דעם ביוראָ פון א געשעפט, אויף דער רעדנער־בימה אין א פאָלקספאַר־זאַמלונג און הינטער דעם טיש פון א קראָם. דאָס איז פשוט א מענטש, וואָס האָט אין זיין לעבן עפּעס אויף אייביג פאַרלאָרן אָדער וואָס האָט געליטן אַן עוולה, וועלכע מען קאָן נישט פאַרריכטן, און מחמת ער ווייס אַליין, ווי נאַריש זיין כעס איז און וואָס פאַר א קאָמישן איינדרוק עס מוז מאַכן זיין פּראָטעסט, וועט ער זוכן זיך צו באַוואָרענען מיט אַלע מיטלען, אַז מען זאָל דעם דאָזיגן פּראָטעסט חלילה נישט אַרויסזעהן. פאַרקערט, ער וועט זיך פלייסן צו מאַכן א מינע, אַז ער אינטערעסירט זיך מורא׳דיג מיט דעם גלייכן וואַלרעכט, מיט דער עמאַנסיפּאַציע פון דער פרוי, מיטן גרויסן נוצן פון א פרייען מסחר וכדומה, הגם אַלע וואַלרעכטן, אַלע עמאַנסיפּאַציעס און אַלע אופנים פון מסחר ליגן אים, ווי מען זאָגט עס, אין דער לינקער פּאה.

דער מענטש מיט דער מאַסקע וועט מיט דערזעלביגער גלייכגילטיגקייט צושטיין צו אַלערליי פּאַרטיעס, גרופּעס און שטרעמונגען, ווייל טיף אין האַרצן איז ער מבטל בתכלית הביטול אַלע אינסטיטוציעס פון דער גע־זעלשאַפט, וועלכן כאַראַקטער זיי זאָלן נישט טראָגן. און מהאי טעמא וועט ער אויך רואיג אויסהערן און אננעמען פאַר גוט אַזעלכע סבָרות און טעאָריעס, וואָס דורך זייער אָפענער פאַלשקייט און עזות׳דיגקייט זיינען זיי נישט נאָר אומגערעכט קעגן אים, נאָר זיינען אים מבזה און מאַכן אים גלייך מיט דער בלאָטע. און אויב עס פּאַסט אים נאָר, וועט ער אפשר אַליין זיך איינשטעלן פאַר זיי; ווייל ער פאַרהאַלט זיך איראָניש צו מענטשליכע מיינונגען און ווייס דורך א טיפן אינסטינקט, אויב נישט דורכן שכל, אַז אין תוך גערעדט איז גאָר קיין נפקא־מינה נישט, צו וועלכע מסקנות מענטשן קומען אין זייערע אָפּשאַצונגען פונם לעבן בכלל, וויבאַלד אַז צו דעם אמת פון זיין לעבן וועלן זיי קיינמאָל נישט קומען.

צו די טעאָריעס פון דעם אויבנדערמאָנטן מין געהערט יענער מאָניסטישער אָפּטימיזם, וועלכער לאו דוקא וואָס ער פלייסט זיך מיט אַלע מיטלען און סאָפיזמען צו פאַרגלעטן דאָס בייזע אין דער אויסנווייניגסטער נאַטור און אין דעם מענטשליכן לעבן און צו ווייזן, אַז עס איז גאָר נישט אַזאַ סכנה, זוכט ער נאָך צו באַווייזן, אַז דאָס בייז איז א געוויסע מדרגה,

א געוויסע פאָרם פון גוטס. לויט דעם דאָזיגן אָפּטימיזם פאַרמאָגט נאָר דאָס גוטע אַן אמת׳ע ממשות׳דיגע רעאַליטעט, וואָרים דאָס בייז אין וועלכער נישט איז ערשיינונג איז נאָר א סימן דערפאַר, אַז אין דער דאָזיגער ערשיינונג איז נישט פאַראַן גענוג רעאַליטעט. לויט אים קומט אויס, אַז דאָס בייז בכלל איז נאָר א נידריגערע מדרגה פון גוטס, אַזוי ווי קעלט איז א נידריגערע מדרגה פון וואַרימקייט. דער מענטש מיט דער מאַסקע, וואָס ווייס אָן זיך, וואָס פאַר א שרעקליכע ממשות דאָס בייז פאַרמאָגט, לאַכט דערפון ביי זיך אין האַרצן, אָבער מחמת זיין גלייכ־גילטיגקייט און זיין איראָניע איז ער קאַפּאַבל צוצושטיין אויך צו אַזאַ מין טעאָריע. מיר וועלן אים נישט נאָכטון און וועלן באַווייזן, אַז אַלע אַזעלכע טעאָריעס זיינען פוסטע דיבורים און ווערן אויפגעבויט אויף א שפּיל מיט ווערטער.

ווירקליך און רעאַל איז אַלץ, וואָס שטייט אין א באַשטימטן הֶפֶך צו פאַנטאַזיע און חלום. אין דעריין ליגט דער חילוק צווישן ווירקליכקייט און זיין. דער הֶקֵף פון דעם זיין נעמט אַרום אַלע מיגליכע ערשיינונגען אין דער אויסנווייניגסטער און אינעווייניגסטער נאַטור אָהן קיין שום חילוק צווישן חלום און וואָר, אָהן קיין שום נפקא־מינה, צי איז די אָדער יענע ערשיינונג א קאָנקרעטע זאַך אָדער צי איז זי בלויז א פּראָדוקט פון דער פאַנטאַזיע; דער הֶקֵף פון דער ווירקליכקייט באַגרעניצט זיך בלויז מיט דעם תּחום פון קאָנקרעטע זאַכן, ד׳ ה׳ פון אַזעלכע ערשיינונגען, וועלכע אונטערשיידן זיך דורך א באַשטימטן שטריך פון די פּראָדוקטן פון דער פאַנטאַזיע און פונם חלום. און דער דאָזיגער שטריך באַשטייט אין א באַשטימטער מאָס פון פעסטקייט, ממשות׳דיגקייט, בולט׳קייט און שטענדיגקייט, מעג זיך די דאָזיגע מאָס בייטן לויט די פאַרשיידענע תּנאָים און אומשטענדן און מעג איך דערביי גאָרנישט ביכולת זיין אויפ־צושטעלן אַן אַלגעמיינעם קריטעריום פאַר דעם אונטערשייד צווישן ווירקליכקייט און פאַנטאַזיע, צווישן וואָר און חלום. (ווייל א פאַנטאַזיע און א חלום קאָנען דאָך אויפטרעטן מיט אַזאַ מין בולט׳קייט, אַז איך האַלט זיי פאַר וואָר, נאָר פאַר מיר זיינען זיי דעמאָלט טאַקע וואָר).

לויט איר נאָהענטקייט אָדער ווייטקייט צו די פּראָדוקטן פון דעם דמיון קאָן ווירקליכקייט האָבן פאַרשיידענע מדרגות, זי קאָן זיין מער אָדער

ווייניגערווירקליך. א קלײנער גערויש איז ווייניגער ווירקליך, איידער א שטאַרקער ליאַרם, ווייל ביי א קליינעם גערויש קאָן איך אמאָל מסופק ווערן אין דעריין, צי איז עס טאַקע אין דער אמת׳ן געווען און צי איז עס נישט א פראָדוקט פון מיין צעהיצטער פאַנטאַזיע. אָבער וואָס איז נוגע דעם זיין, האָט דער מינדסטער גערויש פונקט אַזוי פיל עקזיסטענץ, ווי דער שטאַרקסטער ליאַרם. ווען איך דערזעה פונדערווייטנס אינם נעפּל עפּעס א צעקראָכענע געשטאַלט מיט מטושטש׳ע ליניעס, האָט זי פאַר מיר ווייניגער ווירקליכקייט, ווי ווען איך וואָלט זי געזעהן אין דער נאָהענט מיט אַלע אירע פּרטים, ווייל אין דעם ערשטן פאַל איז עס ביי מיר א ספק, צי איז זי טאַקע אין דער אמת׳ן פאַראַן און צי איז עס נישט בלויז אַן אָפּטישער טעות. אָבער בנוגע צום זיין האָט די פאַרנעפּלטע און צעשוואומענע געשטאַלט פונקט אַזוי פיל עקזיסטענץ, ווי די קלאָרסטע און בולט׳סטע — צוליב דעם פּשוט׳ן טעם, אַז אין דעם פּרט פון זיין עקזיסטירט אַן אָפּטישער טעות פונקט אין דערזעלביגער מאָס, ווי א ווירקליכע ערשיינונג.

ווירקליכקייט, רעאַליטעט איז נישט זיין, נאָר א באַשטימטע פאָרם פונם זיין, און טאַקע יענע פאָרם, וועלכע שטייט אין א באַשטימטן הֵפך צו דער פאַנטאַזיע, ד. ה. וועלכע טרעט אַרויס מיט א באַשטימטער מאָס פון ממשות׳דיגקייט און בולט׳קייט. וואָס שטאַרקער די בולט׳קייט און ממשות׳דיגקייט פון אַן ערשיינונג איז, און וואָס ענגער און געדיכטער זי פילט אויס דעם באַוואוסטזיין, אַלץ מער פאַרמאָגט זי רעאַליטעט, און מהאי טעמא פאַרמאָגט דאָס לייד די העכסטע מאָס פון רעאַליטעט, ווייל לייד טרעט ארויס מיט דער גרעסטער שאַרפקייט און פילט אויס דעם באַ־וואוסטזיין ביזן ברעג.

דער מאָניסטישער אָפּטימיזם מאַכט יענעם גראָבן און באַנאַלן פעלער, וועלכער ווערט אַזוי אָפט געמאַכט און וועלכער באַשטייט אין דעריין, וואָס מען פאַרבייט דעם נאָמען פון א זאַך מיט דער זאַך גופא און מען גיט אָן דעם נאָמען פון א זאַך פאַר דער זאַך גופא. ווירקליכקייט, רעאַליטעט איז בלויז א נאָמען, און טאַקע א נאָמען פאַר אַלץ, וואָס שטייט אין א באַשטימטן הֵפך צו די פּראָדוקטן פון פאַנטאַזיע און חלום, וואָס איז ממשות׳דיגער, שאַרפער, שטענדיגער און בולטער פאַר דעם חלום, און

וואָס פּילט אויס דעם פּעלד פון דעם באַוואוסטזייַן ענגער און געדיכטער פאַר דעם חלום; און מחמת לייד צייכנט זיך אויס דורך די אַלע שטריכן און סימנים אין דער העכסטער מאָס, פאַרמאָגט עס אויך די העכסטע מאָס פון רעאַליטעט. דער מאָניסטישער אָפּטימיזם אָבער מאַכט אַזאַ מינע, אַזוי ווי די ווירקליכקייַט וואָלט נישט געווען בלויז א נאָמען פאַר ווירקליכע ערשייַנונגען, נאָר אַזוי ווי זי וואָלט געלעגן ערגעצוואו הינטער די ערשייַנונגען, און די דאָזיגע ערשייַנונגען וואָלטן ערשט פון איר און דורך איר באַקומען איר אמת׳ן תוך. און אַזוי ווי דער מאָניסטישער אָפּטימיזם האַלט, אַז אָט די דאָזיגע הינטער די ערשייַנונגען ליגנדיגע ווירקליכקייַט איז בטֶבע גוט — און ווער קאָן אים כאַפּן ביַי א ליגן, וויבאַלד מען קאָן קיין שום השגה נישט האָבן פון אַזאַ מין ווירקליכ־קייַט — קאָן ער שוין ממילא זאָגן, אַז בייז און לייד זיינען נאָר דערפאַר בייז און לייד, וויַיל זיי זיינען א נידעריגערע מדרגה, וויַיל זיי פאַרמאָגן א שוואַכערע מאָס פון ווירקליכקייַט.

דער מאָניסטישער אָפּטימיזם האָט נאָך אַנדערע שפּיצלעך. איינער פון די דאָזיגע שפּיצלעך באַשטייט אין דעריין, וואָס ער פּרובט אַרונטער־צומאַכן און מבטל צו זייַן לגמרי דעם יחידישן באַוואוסטזייַן: ער וויל ווייזן, אַז כּלַפּי דער אומענדליכער גרויסקייַט פון דער וועלט האָט דער באַוואוסטזייַן פון יחיד גאָר א קנאַפּע ווערדע. וואָס איז, מישטיינס גע־זאָגט, דער גאַנצער מענטשליכער באַוואוסטזייַן, וואָס מען מאַכט עס אַזאַ גוואַלד פון בייז און ליידן, וועלכע עקזיסטירן דאָך נישט פאַר זיך אַליין, נאָר זיינען א אויסדרוק פון באַוואוסטזייַן?

אַז דער יחידישער באַוואוסטזייַן האָט קיין באַטרעף נישט אין דער גאַנצער מאַשינעריע פון דער וועלט, מיט דעם זיינען מיר אינגאַנצן מסכּים. מיר זיינען אַפילו גרייט צו גיין א טראָט ווייטער און צו זאָגן, אַז אין די אויגן פון דער אויסוויינִיגסטער נאַטור עקזיסטירט בכלל נישט דער גאַנצער מין פון באַוואוסטזייַן. כּדי דאָס צו פאַרשטיין, באַדאַרף מען נישט קיין גרויסע חכמות, עס איז גענוג אָנצעוויַיזן אויף דער פּשוט׳ער עובדא, אַז למשל אָהן דער מאַטעריע פון מייַן אָרעם זיינען די גרעסטע אָנשטרענגונגען פון מייַן ווילן נישט בכּוח א ריר צו טון פון אָרט דעם מינדסטן שטויבקערנדל אויף א מיליאָנטסטן חלק פון א

מילימעטער. נאָר אויב אַזוי, האָט דאָך דאָס גוטע פּונקט דעם אייגענעם באַטרעף ווי דאָס בייז. טאָ וואָס זשע מאַכט דער אָפּטימיזם אַזאַ טאַראַראַם — סטייטש, און די גוטסקייט און די ווירקלעכקייט פון דער וועלט און אַזוי ווייטער? מוז מען דאָך זאָגן, אַז ער טוט עס דערפאַר, ווייל ער שטעלט דעם יחידישן באַוואוסטזיין אין מיטלפּונקט. דאַן אָבער וועט ער געצוואונגען ווערן זיך מודה צו זיין, אַז בייז און ליידן פאַרמאָגן אומענדליך מער ממשות, איידער דאָס גוטע. נאָך מער: אָט גראָד טאַקע די דאָזיגע שוואַכקייט און קליינקייט פון דעם יחידישן באַוואוסטזיין אין דער וועלט איז די עיקר־סיבה פון דעם ליידן.

ביי דעם אַלעם מוז מען זאָגן, אַז דער מאָניזם פון דער אַלטער וועלט פאַר דעם אויפקומען פון דעם קריסטנטום, דער מאָניזם פון די אַזוי אנגערופענע «עובדי אלילים» (געצנדינער), ווי אויך צום טייל דער מאָדערנער נאַטורוויסנשאַפטליכער מאָניזם, זיינען נאָך צו דערטראָגן, און אַז צייטנווייז און אונטער געוויסע תנאים מוז מען אים גערעכט געבן. דער אַלטער מאָניזם פון די געצנדינער האָט קיינמאָל נישט בדעה געהאַט צו פאַרגלעטן דאָס בייז און האָט קיינמאָל נישט אָפּגעלייקנט דאָס ליידן. מערנישט ער האָט געהאַט געהאַלטן, אַז עס לוינט זיך נישט צו לאַנג אָפּצושטעלן זיך דערויף, מחמת דער יחיד בכלל האָט אין זיינע אויגן קיין גרויסע ווערדע נישט געהאַט.

כמעט אַלע מאָניסטישע מוסר־סיסטעמען געפינען פאַר נייטיג אָפּ־צוהאַלטן דעם יחיד פון א צו גרויסן אימפּעט און ראָטן אים צו זיין איינגעהאַלטן אין זיינע באַגערן און זיינע מעשים. נישט נתפּעל צו ווערן פון די אייגענע איבערלעבונגען בכלל, אָפּצוקערן דעם קוק פון די פּאַסירונגען אין דער אייגענער נשמה, האַלטן דאָס אויג אויף די גרויסע ליניעס פון דער אויסנווייניגסטער נאַטור און איינצושפּאַנען זיך אין דעם גאַנג פון די נאַטירליכע פּראָצעסן אַלס א טייל צווישן טיילן — דאָס זיינען געווען אַן ערך די פּראַקטישע עצות, וועלכע די אַלטע סיסטעמען פון מוסר (מאָראַל) האָבן דעם יחיד געגעבן. דער מאָדערנער נאַטורוויסנשאַפטליכער מאָניזם גייט צום טייל אויף דעמזעלביקן דרך. אַזאַ מין מאָניזם איז צו דערטראָגן, ווייל ער איז בכלל ווייט פון א מאָראַלישער אָפּשאַצונג פונם לעבן; און מען מוז אַחוץ דעם מודה זיין, אַז פאַר א געוויסן מצב פון

דער נשמה זיינען זייַנע עצות זייער קלוג· מיאוס הייבט ערשט אָן יענער מאָניזם צו ווערן, וועלכער האַלט כלומר׳שט אַן עולם ומלואו פון דעם יחידישן באַוואוסטזייַן, ביי וועלכן דער גורל פון דער נשמה שפּילט כלומר׳שט א גרויסע ראָלע, וועלכער זוכט צו געבן א מאָראַלישע אָפּ־שאַצונג פון דער וועלט און האָט דערביי די העזה דאָס בייז מיט אַלע מיטלען צו פאַרגלעטן, צו באַוואַרפן די ליידפולע נשמה מיט שמוץ און אָנצורייידן אויף איר כל דבר אָסור· צו דעם דאָזיגן סאָרט געהערט למשל דער רעליגיעזער מאָניזם פון דעם מיטלאַלטערליכן קריסטנטום און יידנטום·

אַן אַנדער כאַראַקטער האָבן געטראָגן די געדאַנקען פון דעם אַלטן יידנטום פאַר דער תקופה פון גלות־בבל· אין זייַן געזונטער און יונגער תמימות האָט עס אַמאָל פונאַנדערגעריסן די וועלט אויף צוויי העלפטן — אויף די אומטראַגישע נאַטור און דעם טראַגיק־פולן מוסר· אין דעם מוסר האָט עס אַרייַנגעלייגט זייַן גאַנצע ווילדע ענערגיע און האָט אים דורכדעם אַרויפגעפירט ביז אַן אומענדליכער הייך· אונטער זייַנע הענט איז דער מוסר געוואָרן א שעפערישע מאַכט· אין זייַן יונגן און תמימות׳דיגן אימפּעט האָט דאָס אַלטע יידנטום פון בייז און לייד נישט געטראַכט· אָבער וואָס מער דאָס יידנטום ווערט מיט דער צייַט מיושב׳דיגער, אַלץ מער מוז עס זיך פאַרטראַכטן איבער דעם דאָזיגן פאַקט· לכתחילה ווערט אים דער גאַנצער ענין א ביסל מאָדנע, עס הייבט זיך אָן צו חידוש׳ן· דערנאָך אָבער כאַפּט זיך ביי אים אויף א שטיקל חשד· אמת, זייער שטיל און פאַוואָליע צום אָנהייב, אָבער פונדעסטוועגן···· פון וואַנען קומען דאָס לייד, דאָס בייז און די אומגערעכטיגקייַט? ווען נישט ווען הערן מיר אַזעלכענע שאלות שוין ביי די נביאים· איוב און קהלת זיינען שוין פול דערמיט· אָבער די אַלע שאלות ווערן מיט א מאָל אָפּגעהאַקט דורך דעם דיקטאַטאָרישן באַשלוס פון דעם נאָך־גלות־בבל׳דיגן יידנטום אָנצו־דערקענען יַהוֶה אַלס דעם שעפער פון ליכט און פינסטערניש, פון גוטס און בייז· און דאָ הייבט אָן צו יוירן א נישט־אָפיציעל יידנטום, וואָס טרעט באַלד אַרויס בפומבי קעגן יַהוֶה און פאַרענדיגט זיך מיט דער גנאָזיס·

אונטער גנאָזיס פאַרשטייט מען דעם סך־הכל פון געוויסע מעטאַפיזישע אָנשויאונגען און סיסטעמען מיט א בולט׳ן דואַליסטישן כאַראַקטער, וואָס

זיינען אויפגעקומען דערהויפּט אין פּאַלעסטינע און סיריע צווישן דעם ערשטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוס און דעם צווייטן יאָרהונדערט נאָך קריסטוס. לויט די דאָזיגע אָנשויאונגען געוועלטיגן אין דער וועלט צווי כּוחות, וועלכע זיינען סותר איינער דעם אַנדערן און פאַרהאַלטן זיך פייַנדליך איינער צום אַנדערן. פאַר די דאָזיגע כּוחות האָבן די גנאָסטישע טעאָרעטיקער פאַרשיידענע נעמען — אַמאָל ווערן זיי אָנגערופן פּשוטם כּמשמעם די כּוחות פון גוט און בייז, אַן אַנדער מאָל ווערן זיי אָנגערופן די כּוחות פון ליכט און פינסטערניש, און ווידער אַן אַנדער מאָל ווערן זיי אָנגערופן די פּרינציפּן פון גייַסט און מאַטעריע.

בנוגע צו די לעצטע נעמען דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז בעת די גנאָסטיקער האָבן גערעדט פון רוחניות און גשמיות, האָבן זיי דורכדעם געמיינט נישט דאָס אייגענע, וואָס איז ביי אונז היינט אָנגענומען צו מיינען. אונטער רוחניות האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען דווקא טאַקע גייסטיגע ערשייַנונגען, און אונטער גשמיות האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען דווקא פיזישע ערשייַנונגען. רוחניות און גשמיות האָבן אין זייערע אויגן געהאַט בלויז א סימבאָלישן באַטייַט, דאָס זיינען געווען פאַר זיי בלויז סימנים, דורך וועלכע זיי האָבן אָנגעוויזן אויף דעם פאַרשיידענעם כּאַראַקטער פון די ערשייַנונגען און פּאַסירונגען אין דער וועלט. אַלץ וואָס איז אמת, ליכטיג, שיין און פריידפול האָבן זיי אַרונטערגענומען אונטער דער בחינה פון גייַסט; אַלץ וואָס איז פאַלש, פינסטער, מיאוס און ליידפול האָבן זיי אַרונטערגענומען אונטער דער בחינה פון מאַטעריע.

געגומען האָט זיך עס דערפון, וואָס די גנאָסטישע טעאָרעטיקער האָבן געלעבט אין אַלט־איינגעוואָרצלטע פאָרשטעלונגען, וועלכע זיי האָבן מדור־דור געהאַט בקבלה פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, זינט פּלאַטאָ איז ביי א געוויסן מין פון פילאָזאָפן געוואָרן א קימא לן אָנצורייַדן כּל דבר אָסור אויף דער מאַטעריע און אויפצוהייבן דעם גייַסט ביז אין הימל אַריין.

אַחוץ דעם דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז אין דער גאַנצער וועלט, וועלכע ווערט אויפגענומען דורך די חושים, זיינען לויט די גנאָסטיקער, אין תּוך גערעדט, קיין ריינער גייַסט און קיין ריינע מאַטעריע גאָר נישט בנמצא. אין דער עמפּירישער וועלט, אין דער וועלט פון אונזערע חושים, זיינען לויט די גנאָסטיקער, אין תּוך גערעדט, גייַסט און מאַטעריע בלויז פּראָ־

דוקטן פון צונויפמישונגען צווישן ליכט און פינסטערניש. א סימן מובהק פאַר דער גאַנצער גנאָסטישער מעטאַפיזיק בלייבט איין איינציגע וויכטיגע עובדא: ראשית איז פאַר זיי די גאַנצע וועלט געווען אן ענין פון מוסר און שנית האָבן זיי אין ריין פסיכישע ערשיינונגען געזעהן אַקטיוו־בויענדיגע פרינציפן; ד. ה. די מאָראַלישע אָפּשאַצונגען פון גוט און בייז זיינען פאַר זיי נישט געווען בלויז א ווידער־קול פון דער מענטשליכער נשמה, נאָר שעפערישע כוחות. אָדער, מיט אַנדערע ווערטער — זיי האָבן געהאַלטן, אז אין די געפילן פון גוט און בייז שפיגלען זיך אָפּ אַקטיוו־שעפערישע כוחות פון דער וועלט און פונם לעבן.

אגב אורחא ווילן מיר באַמערקן, אַז אַזעלכע מיני געדאַנקען זיינען לחלוטין נישט פרעמד פאַר דער מאָדערנער פילאָזאָפיע. זייער ענליכע סברות זאָגט אַרויס דער פראַנצויזישער פילאָזאָף בערגסאָן אין זיין מעטאַפיזיק, הגם ער טרעט אָפּ אין א פּאָר וויכטיגע פּרטים פון די גנאָסטישע אָנשויאונגען, און הגם דאָס קערנדל פון דער דאָזיגער מעטאַפיזיק שטעקט ביי אים אין א נאַטור־וויסנשאַפטליכער שאָל. אויך בערגסאָן זעהט אין א פסיכישער ערשיינונג, אין דער ערשיינונג פון דער צייט, אַן אויפבויענדיגן פרינציפּ פון דער וועלט; אויך בערגסאָן פירט אַרויס זיין מעטאַפיזישן דואַליזם צווישן גייסטיגער און מאַטעריעלער באַוועגונג פון דעם פסיכישן דואַליזם צווישן חוש און שכל, אינסטינקט און אינטעלעקט. פון סוביעקטיווע, פסיכישע ערשיינונגען ווערן ביי אים אויף אַזאַ אופן אָביעקטיווע, אויפבויענדיגע כוחות פון דער וועלט. אויך לויט בערגסאָן זיינען גייסט און מאַטעריע אין זייער ריינער, לכתחילה׳דיגער פאָרם נישט בנמצא, און אויך ער געפינט, אַז יעדע זאַך און יעדע פאַסירונג אין דערווירקליכקייט איז א פּראָדוקט פון א צונויפמישונג צווישן גייסט און מאַטעריע אין פאַר־שיידענע פּראָפּאָרציעס. עס איז אָבער פאַראַן א טיפער חילוק צווישן דער בערגסאָנישער און דער גנאָסטישער אָנשויאונג. פאַר די גנאָסטיקער האָבן זיך די יסודות הבריאה אָפּגעשפּיגלט אין אַזעלכע פסיכישע קאַטעגאָריעס, וואָס געפינען זיך אין א ענגער שייכות צום מוסר, פאַר בערגסאָנען אָבער אין אַזעלכע פסיכישע קאַטעגאָריעס, וואָס זיינען אין דעם פּרט פון מוסר לגמרי גלייכגילטיג. בערגסאָן פירט ארויס די לכתחילה׳דיגע גייסטיגע

באַוועגונג פונם חוש און די לכתחילה׳דיגע מאַטעריעלע באַוועגונג פונם שכל. אָבער חוש און שכל האָבן מיט דעם ענין פון מוסר גאָר נישט צו טון. און מען מוז זאָגן, אַז די גנאָסטיקער זיינען לאָגיש אויסגעהאַלטענער איידער בערגסאָן.

די גנאָסטיקער האָבן אויפגעבויט זייער דואַליסטישע מעטאַפיזיק אויף אַזעלכע פסיכישע יסודות, וואָס דער חילוק און די סתירה צווישן זיי פילט זיך קלאָר און ממשות׳דיג פאַר איטליכן פשוט׳ן מענטשן, ווארים וואָס מען זאָל נישט קלערן וועגן דעם מהות פון גוט און בייז, איז דאָך קיין שום ספק נישטאָ אין דעריין, אַז דאָס גוטע ווערט געפילט אַלס דער הֵפך פון בייז, און אַז דאָס בייז ווערט געפילט אַלס דער הפך פון גוט. נישט אַזוי ביי חוש און שכל, אינסטינקט און אינטעלעקט. דער חילוק צווישן זיי טרעט נישט אַרויס מיט דער נייטיגער קלאָרקייט און בולט׳קייט, א פשיטא שוין, אז מען פילט נישט אַרויס קיין עיקר׳דיגע סתירה צווישן זיי. אין איטליכער געזונטער לאָגישער קאָמבינאַציע שטעקט א שטיק אינסטינקט, און אין איטליכן געזונטן אינסטינקט שטעקט א שטיק לאָגיק. מען רעדט נישט אומזיסט פון א לאָגישן חוש און פון אַן אינסטינקטיווער לאָגיק. דאָס איז נישט א מסקנא, צו וועלכער מען קומט דורך זייטיגע סברות, נאָר דאָס פילט זיך בחוש. א לאָגישע באַרעכענונג קומט אָפטמאָל ראַפּטום, עס לויפט דורך ווי א בליץ, און א אינסטינקט באַוועגט זיך אָפט־מאָל זייער פּאַוואָליע און האָט זיך אויך זיינע אויסרעכענונגען, הגם זיי זיינען אומקלאָר.

מיר ווילן אַוודאי נישט זאָגן, אַז עס איז נישטאָ גאָר קיין נפקא־מינה צווישן אינטעלעקט און אינסטינקט, צווישן שכל און חוש. מיר ווילן מער־נישט זאָגן, אַז די גרעניצן צווישן זיי זיינען זייער מטושטש. און ווייל דער דואליזם צווישן חוש און שכל איז אומקלאָר און צעשוואומען, מוז אויך דער מעטאַפיזישער דואליזם, וואָס איז אויף אים אויפגעבויט, אויך בלייבן אומקלאָר און צעשוואומען. לויט בערגסאָנען איז דער אינסטינקט מיט זיין רירעוודיגקייט א פועל־יוצא פון דער שעפערישער גייסטיגער באַוועגונג, דעם לכתחילה׳דיגען גייסטיגן שטראָם, ווי ער רופט עס אָן, וואָס איז בטבע לויטער גיכקייט, לויטער שינוי, און האַלט תמיד אין איין גיסן זיך, בעת די לאָגיק מיט אירע האַרטע און קאַנטיגע פאָרמעס איז דער

פועל־יוצא פון דער לכתחילה׳דיגער מאַטעריעלער באַוועגונג. דער שכל איז מחייב, אַז די דאָזיגע לכתחילה׳דיגע מאַטעריעלע באַוועגונג האָט באַדאַרפט צו זײַן לויטער שטײַפקייט, לויטער האַרטקייט, ד. ה. סוף כל סוף לויטער אומבאַוועגליכקייט. דאָס איז אָבער אוממיגליך, ווײַל די מאַטעריעלע באַוועגונג בלײַבט פאָרט א באַוועגונג. טאָ וואָס זשע האָט בערגסאָנען געצוואונגען צו ריידן פון א מאַטעריעלער באַוועגונג? ווײַל די לאָגישע פאָרמעס, אויף וועלכע ער בויט זי אויף, זיינען בטבע גאָרנישט אַזוי אומבאַוועגליך, ווי ער זאָגט.

די גנאָזיס שטאַמט פון א יידישן מקור, הגם די גנאָסטישע געדאַנקען קליידן זיך אָפט אין פערסישע מלבושים און הגם די שפּעטערדיגע אַנטוויקלונג פון דער גנאָזיס פאַלט אינגאַנצן אַרויס פון דער ראַם פונם אייגנטליכן יידנטום. דער יידישער דואַליזם צווישן דער מאָראַלישער פאָדערונג און א מאָראַליש גלײַכגילטיגער וועלט האָט געמוזט סוף כל סוף פירן צום דואַליזם צווישן גוט און בייז.

פון דער שאלה וועגן דעם שורש און דעם באַשאַפער פון דעם בייז אין דער וועלט האָט זיך א גײַסט מיט שטאַרקע נטיות פאַר די פּראָבלעמען פון מוסר מער נישט געקאָנט אַרויסדרייען. דעם יידנטום פון פאַר גלות־בבל האָט געפעלט דער ישוב־הדעת, וואָס איז נייטיג פאַר אַזעלכע באַטראַכטונגען. עס האָט געגלויבט מיט א קינדישער תּמימות אין יַהוֶה און די מאָראַלישע תּכונות פון זײַן נאַטור, און עס האָט נישט א טראַכט געגעבן וועגן דעם, אַז די אַחריות פאַר דעם אוממאָראַלישן אין דער וועלט פאַלט אייגנטליך אינגאַנצן אויף יַהוֶה. אַחוץ דעם דאַרף מען נישט פאַרגעסן, אַז יַהוֶה איז דאַן נאָך נישט געווען דער איינציגער גאָט, הגם ער איז שוין דאַן געווען דער גרעסטער פון אַלע געטער. עס האָט אויף אַזאַ אופן געקאָנט געמאָלט זײַן, אַז דאָס בייז אין דער וועלט קומט אַרויס פון ערגעץ אן אַנדער גאָט.

אָבער דער גלות־בבל האָט אַזוי פאַרפעסטיגט און פאַרפונדעוועט דעם מאָנאָטעאיזם, אַז אַלע ספקות אין דעם דאָזיגן פּרט האָבן געמוזט אָפּפאַלן. פון דעמאָלט אָן האָט מען געוואוסט אויף קלאָר, אַז יַהוֶה טיילט מיט קיינעם נישט די ממשלה איבער דער וועלט און אַז ער איז דער באַשעפער הן פון גוט, הן פון בייז.

די דאָזיגע דערקענטעניש איז געוואָרן א קנין רוחני פון דעם גאַנצן
יידישן פאָלק. אָבער אין דערזעלביגער צײַט איז דאָס בבל־יידנטום גע־
קומען אין א מגע־ומשא מיט אַנדערע רעליגיעזע אָנשויאונגען און תורות.
עס איז באַקאַנט געוואָרן מיט נײַע געדאַנקען, וואָס זיינען אים ביז אַהער
געווען פרעמד און וואָס האָבן ברייטער געמאַכט זײַן קוק אויף דער וועלט.
און א פשיטא שוין אַז די באַרירונג מיט דער גריכישער קולטור אין דעם
3טן יאָרהונדערט פאַר קריסטוס האָט די לכתחילה׳דיגע יידישע תמימות
אין דער שאלה פון גוט און בייז צעשטערט. מען האָט זיך אָנגעהויבן
צו פאַרטראַכטן, עס איז געבוירן געוואָרן דער ספק, און עס האָט זיך
אָנגעצונדן דער פאַרלאַנג נאָך אויספאָרשונג.

מען האָט זיך געפרעגט, צי יַהֱוֶה איז אין דער אמת׳ן מסוגל צו געבן
אַן עָרבות פאַר דער אייבערהאַרשאַפט פון דער גערעכטיגקײַט אין דער
וועלט. און אַז מען האָט א סך געזוכט, האָט מען געפונען, אַז פון זײַנע
מעשים קאָן מען דאָס נישט אַרויסזעהן. דאָס רוב חיבורים אין דער
דאָזיגער ריכטונג זײַנען מן הסתם פאַרפאַלן געוואָרן. אָבער פון דעם,
וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן דורך דעם אויפנאַם אין די כתבים פונם
אָפיציעלן יידנטום, קאָן מען זעהן, מיט וואָס פאַר א ברען מען האָט גע־
אַרבעט אין דער דאָזיגער ריכטונג און ווי צערודערט מען איז געווען.

דאָס איז געווען דער מצב, אין וועלכן עס זיינען געבוירן געוואָרן
און עס האָבן זיך אַנטוויקלט אין פאַלעסטינע און באַזונדער אין די גלות־
מדינות יענע אַפּיקורסישע כּתות, וואָס זיינען מער אָדער ווייניגער אָפּ־
געפאַלן פונם יידנטום און האָבן זיך דערנאָך אויסגעלאָזן מיט דער גנאָזיס.

אין דער ערשטער צײַט האָבן זיי זיך באַגנוגנט מיט נישט קיין וויכטיגע
אָנפאַלן אויף דעם געזעץ. מען איז עובר געווען אויף דער אָדער יענער
מצוה, אָבער דאָס קערנדל פונם יידנטום האָט מען נאָך לעת־עתּה נישט
אָנגערירט. דערנאָך אָבער האָבן די דאָזיגע אָפּטרעטונגען אָנגעהויבן אָנ־
צונעמען אַן אַגרעסיווערן כאַראַקטער. מען האָט אָנגעהויבן אונטער־
צוגראָבן די סאַמע יסודות, אויף וועלכע עס האַלט זיך די יידישע אמונה.
עס הייבט זיך אָן אַרויסצעווײַזן א שנאה צו יַהֱוֶה׳ן.

אפריער האָט מען געזוכט אַרונטערצומאַכן די חשיבות פון יַהֱוֶה
דורכדעם, וואָס מען האָט אים אַרויסגעשטעלט אַלס א גאָט פון דעם

צווייטן סאָרט. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן צו געפינען, אַז ער פאַרמעסט זיך צו פיל, אַז ער האָט צו גרויסע פּרעטענזיעס און אַז ער וויל צופיל געוועלטיגן. דער בונט קעגן יַהֲוֶה ווערט מיט דער צייַט אַלץ שטאַרקער. די יידישע כִּתּה פון די אזוי אָנגערופענע אָפיטן האָט דערקלערט אָפן, אַז יַהֲוֶה איז א מאַכט, וואָס פאַרגינט נישט דעם מענטשן דאָס לעבן און אַז ער פאַרהאַלט זיך פייַנדליך צו דעם מענטשליכן גייַסט. די כתה פון די אַזוי אָנגערופענע קאַיניטן האָט גע'טענה'עט, אַז אַלע יענע מענטשן, וועלכע יַהֲוֶה האָט גע'רודפ'ט, ווי למשל קַיִן, חם, קֹרח, די איינוואוינער פון סדום, זייַנען גראָד געווען די בעסטע הן אין פּרט פון מוסר הן אין פּרט פון שכל.

אָבער וואָס טיפער די גנאָסטיקער פאַרטראַכטן זיך איבער די יסודות פון זייער אייגענער פילאָזאָפיע, וואָס מער די גנאָזיס דערווייַטערט זיך פון דעם ענגן תחום פון פּאַלעסטינע און ווערט אַריבערגעטראָגן אין סיריע, און וואָס מער די פאַרשיידענע אַפּיקורסישע כתות פאַרלירן זיך אין דעם גרויסן שטראָם פון דער אַלגעמיינער גנאָזיס, אַלץ מער ווערן זיי מיושב'דיג און רואיג, אַלץ מער ווערט בייַ זיי אָפּגעשוואַכט דער אינטערעס פאַר די באַזונדערע יידישע ענינים און אַלץ מער קילט זיך בייַ זיי אָפּ דער פּאָלעמישער ברען קעגן יַהֲוֶה. דער גנאָסטיקער מאַרציאָן זעהט שוין אין יַהֲוֶה א גאָט, וואָס וויל יושר, הגם מען קאָן נישט זאָגן, אַז ער איז באמת גוט. דער גנאָסטיקער אַפּפעלעס האַלט יַהֲוֶה'ן פאַר זייער א חשוב'ן מלאך, וואָס סטאַרעט זיך צו דערהייבן די מענטשהייַט צו א הויכער מדרגה, נאָר זייַן מאַכט איז באַגרעניצט און ער איז עס נישט בכוח צו באַווייַזן. אַלע גנאָסטיקער זייַנען מסכים אין דערייַן, אַז יַהֲוֶה, וועלכן זיי רופן אָן דער דעמיורג אָדער דער אַרכאָנט, איז דער ממונה אויף דער באַשאַפענער וועלט, דעם עולם הבריאה, נאָר אַז ער טוט זייַן שליחות אומבאַוואוסט און פאָלגט בלינד די באַפעלן, וועלכע גייען אַרויס פון דעם העכסטן שעפער.

אָבער נישט קוקנדיג אויף דער דאָזיגער אייַנגעהאַלטנקייַט פון דער שפּעטערדיגער גנאָזיס בנוגע צום אָפיציעלן יידנטום, איז זי דאָך נישט ווייניגער פייַנדליך צו די עיקרים פון די יידישע אָנשויאונגען. די גנאָזיס גייט זיך פונאַנדער מיט דעם יידנטום אין דער אויפפאַסונג פון דער געט־

ליכקייט און אין דעם גאַנצן אופן פון איר דואַליזם. דאָס אַלטע יידנטום האָט געזעהן אין גאָט דעם שורש און דעם פּרינציפּ פונם לעבן אין דער גאַנצער נאַטור. פון דעם אנדערן צד האָט דאָס זעלביגע יידנטום געזעהן אין דעם לעבן בכלל א זאַך, וואָס איז בטבע להלוטין גוט און האָט נישט א טראַכט געגעבן וועגן דעם, צי שטעקט נישט אין דעם לעבן בכלל אויך א קוואַל פון בייז.

די דאָזיגע תמימות האָט דערהאַלטן איר ערשטן שטויס פון די נביאים. לויט די נביאים איז ארויסגעקומען, אַז סתם לעבן איז לחלוטין נישט גענוג, נאָר אַז עס דאַרף נאָך יוצא זיין פאַר דעם מוסר. דערביי אָבער האָבן די נביאים נאָך געלעבט אין דער אַלטער אָנשויאונג, אַז גאָט איז דער פּרינציפּ פון לעבן, פון לעבן בכלל. דורכדעם האָבן זיי באַשאַפן א סתירה: ממה נפשך, אַז גאָט איז דער פּרינציפּ פונם לעבן בכלל, טאָ וואָס איז דאָס שייך צו מאָראַל? לעבן אַלס לעבן ווייס נישט פון קיין אונטער־שייד צווישן גוט און בייז. איז ער אָבער א פּרינציפּ פון מאָראַל, טאָ ווי אַזוי באַשאַפט ער און לאָזט צו דאָס בייז?

די גנאָזיס האָט פאַרענטפערט די סתירה און קלאָר געמאַכט דעם גאַנצן ענין.

אויך די גנאָזיס האָט געזעהן אין גאָט דעם שורש און דעם פּרינציפּ פונם לעבן. אָבער די גנאָזיס האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער אָנשויאונג איבער דעם מהות פונם לעבן, איידער דאָס יידנטום. דאָס יידנטום האָט באַטראַכט דאָס לעבן אַלס טואונג. עס האָט אויפגעפאַסט דעם לעבן ענער־געטיש אָדער ווירטואַליסטיש. טואונג אָבער ווייס נישט פון קיין חילוק צווישן גוט און בייז. מעשים בלייבן אַלע מאָל מעשים, צי זיי זיינען גוט אָדער שלעכט. פאַר ענערגעטיק עקסיסטירט נישט דער גאַנצער מין פון מוסר. פון דאַנען נעמט זיך די עיקר־סתירה אין דער תורה פון די נביאים בפרט און פון דעם יידנטום בכלל. די גנאָזיס אָבער האָט באַטראַכט דעם עצם לעבן אַלס ליכט און פרייד. גאָט איז לעבן — גאָט איז פרייד. אַלץ וואָס שטעלט דאָס פריידפולע אין דער וועלט אין א סכנה, דהיינו חולאת׳ן, טויט און בייזע טואונגען, איז מעשה שטן און קומט פון א פינסטערער

מאַכט, וואָס פאַרהאַלט זיך פּײַנדליך צו גאָט. אויף אַזאַ אופן איז די אויבנדערמאָנטע סתירה בטל געוואָרן פון זיך אַליין.

אויך בנוגע דעם כאַראַקטער פון דער געטליכקײַט גופא האָט די גנאָזיס לגמרי אַנדערע אָנשויאונגען איידער דאָס יידנטום. לויט די אָנשויאונגען פון דעם יידנטום שטייט גאָט אין דער נאָהעגטסטער און ענגסטער קרובה׳שאַפט צו דער וועלט. צווישן אים און איר זיינען נישטאָ קיין שום סרסורים. די וועלט איז גלײַך אַרויס פון זײַנע הענט. אויב עס ווערט יאָ אַמאָל געזאָגט אין בראשית, אַז גאָט האָט זיך געווענדט צו די מלאכים בשעת ער האָט געוואָלט באַשאַפן דעם מענטשן, איז דאָס מער נישט געווען ווי א מין ישוב הדעת. די אַרבעט אַליין האָט ער זיי נישט פאַרטרויט. און בכלל שפּילן מלאכים אין די אָנשויאונגען פונם יידנטום נישט קיין חשוב׳ע און נישט קיין זעלבשטענדיגע ראָלע. זיי זיינען מער נישט ווי שליחים, מיט וועלכע גאָט באַנוצט זיך, ווען ער וויל אויספירן א וועלכן נישט איז פלאַן.

גראָד דעם הפך דערפון זעהן מיר ביי די גנאָסטיקער. די גנאָסטיקער סטאַרען זיך מיט אַלע מיטלען צו דערווייטערן די עצם־געטליכקײַט פון דער וועלט, ווי ווײַט מען קאָן נאָר. זיי ציטערן, אַז די געטליכקײַט בכבודה ובעצמה זאָל חס וחלילה נישט קומען אין א באַרירונג מיט דער וועלט. די פירונג פון דער דאָזיגער וועלט געבן זיי איבער א באַזונדערן ממונה, וועלכן זיי רופן אָן דער דעמיורג אָדער דער אַרכאָנט. געוויינטליך איז דאָס יהוה, דער גאָט פון די יידן. מחמת דער דאָזיגער ממונה איז לויט די גנאָסטישע אָנשויאונגען א בלינדער געצייג אין דער האַנט פון דער העכסטער געטליכקײַט און טוט אלץ אומבאַוואוסט, מאַכט ער אָן גרויסע צרות, וואָרים ער מישט צונויף ליכט און פינסטערניש. די אמת׳ע געטליכקײַט געפינט זיך אין א אומענדליכער הייך איבער דער וועלט, און קיין שום באַשעפעניש קאָן איר דערגרייכן, סיידן עס איז א באַזונדערער אויסדערוויילטער, וועלכן זי האָט באַשאָנקען מיט איר גנאָד.

בנוגע צו יענעם ליכט, וואָס איז אויסגעמישט מיט דער פינסטערניש אין אונזער וועלט, דער וועלט פון אונזערע מענטשליכע חושים, האַלטן די גנאָסטיקער, אַז עס איז א בינטל שטראַלן, וואָס האָט זיך אָפּגעזונדערט פון זײַן געטליכן שורש און איז אַראָפּגעפאַלן אין דעם פינסטערן כאָאָס.

צווישן די גנאָסטיקער זיינען גרויסע חלוקי־דעות וועגן דעם, ווי אַזוי אַרום עס איז געקומען דער־צו. דער גנאָסטיקער באַזילעאוס מיינט, אַז גאָר אין אָנהייב זיינען געווען צוויי וועלטן, א וועלט פֿון סאַמע ליכט און א וועלט פֿון סאַמע פֿינסטערניש, פֿון וועלכע איטליכע האָט געלעבט אינגאַנצן פֿאַר זיך, און וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות איינע צו דער אַנדערער. מיט אַמאָל האָט זיך די וועלט פֿון דער פֿינסטערניש פֿאַרבענקט נאָך ליכט, און די דאָזיגע בענקשאַפֿט האָט אַראָפּ־געצויגן צו זיך א שטראַל פֿון דעם ריינעם ליכטקוואַל. דער גנאָסטיקער וואַלענטין אָבער האַלט, אַז דער ליכטשטראַל האָט זיך אַליין מיט א כּיוון אַראָפּגעוואָרפֿן, און געקומען איז דאָס דערפֿון, וואָס ער איז געוואָרן טשיקאַווע און עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אונטן, אין דער וועלט פֿונם חושך. די גנאָסטיקער רופֿן אָן דעם אַראָפּ־געפֿאַלענעם ליכטשטראַל סאָפֿיאַ. די אָפֿיטן זאָגן, אַז דער דאָזיגער ליכט־שטראַל איז שוין לכתּחילה נישט געווען גאַנץ כּשר, און אַז ער איז גע־בוירן געוואָרן מיט עפּעס אַן אינעווייניגסטן מום.

מיר זעהן אויף אַזאַ אופֿן, אַז וואָס ווײַטער די גנאָזיס האָט זיך אַנט־וויקלט, איז ביי איר אַלץ בולט׳ער אַרויסגעטרעטן די נטיה צו דער־ווײַטערן די געטליכקײַט, דעם ליכט־שורש פֿון א באַרירונג מיט דער וועלט. דאָס איז אין תּוך נישט קיין חידוש, ווען מען קען די ציטעריג־קײַט פֿון די גנאָסטיקער בנוגע צום מהות פֿון דער געטליכקײַט. אָבער אַחוץ דעם איז שוין דאָס עצם אויסשטראַלן פֿון דעם ליכט, די עמאַנאַציע, בײַ די גנאָסטיקער פֿאַרבונדן מיט א פֿאַרשוואַכונג פֿון דער געטליכקײַט. לויט די אָנשויאונגען פֿון די גנאָסטיקער האָט די טבע פֿון דעם געטליכן ליכט נישט געדאַרפֿט צולאָזן קיין שום אַרויסשטראַלונג און פֿאַרשפּריי־טונג, אַזוי ווי מיר זעהן עס בײַם באַשאַפֿענעם ליכט, וואָרים אַרויס־שטראַלונג און פֿאַרשפּרייטונג איז על כּל פּנים באַוועגונג, און איטליכע באַ־וועגונג איז ממילא צונויפֿגעבונדן מיט א «פֿריער» אָדער «שפּעטער», מיט א «נעהענטער» אָדער «ווײַטער», מיט א שינוי אין אָרט און צײַט. בײַ דער געטליכקײַט איז אָבער נישט שייך קיין «פֿריער» אָדער «שפּעטער», קיין מוקדם ומאוחר, און אויך נישט קיין «נעהענטער» אָדער «ווײַטער», וואָרים זי איז אייביג און אומעטום.

פאַר דער גנאָזיס, וועלכע געפינט זיך אונטער דער שטאַרקער השפעה פון פּילאָן און פּלאָטין, איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס זי מאַכט א שאַרפן חילוק צווישן דער טבע פון דער געטליכקייט, וואָס איז כולו אחדות, און אירע אַרויסוויַיזונגען און אַנטפּלעקונגען. אמת, אַז לויט די גנאָסטיקער ליגן אין דער געטליכקייט די שפּעטערישע פּרינציפּן, די אַזוי אָנגערופענע עאָנען, אָבער דאָס איז לחלוטין קיין פּילקייט נישט, וויַיל זיי זיינען צונויפגעשמאָלצן אין איין איינציקן פּינטל.

די גנאָסטיקער קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן, ווי אַזוי אַרום צו דערקלערן די סיבה, וועלכע האָט געשטויסן צו דער פונאַנדערוויקלונג פון די דאָזיקע שפּעטערישע פּרינציפּן, די עאָנען. דער אויבנדערמאָנטער געניאַלער וואַלענטין איז געפאַלן אויף א וואונדערליך שאַרפן איינפאַל, וועלכער איז בכלל מסוגל צו פאַרענטפערן ווי עס איז די האַרבע שאלה אין איטליכער מאָניסטישער מעטאַפיזיק, די שאלה, ווי אַזוי קומט אַרויס די פּילקייט פון דער אַחדות. ער האָט געזאָגט, אַז דער ערשטער ריס אין דער געטליכער אַחדות איז געקומען דערפון, וואָס גאָט האָט זיך א מאָל פאַרטראַכט איבער זיך אַליין. דאָס דאָזיגע פאַרטראַכטן זיך איבער זיך אַליין האָט צעשטערט די געטליכע אַחדות און אויפגערודערט די עאָנען, וואָס זיינען אין איר געלעגן איינגעוויקלט.

דער קאָנטראַסט כּלַפּי די אָנשויאונגען פון דעם יידנטום טרעט דאָ אַריס אַזוי שאַרף און אַזוי בולט, אַז מען קאָן אים אָנטאַפּן מיט דער האַנט. דאָס יידנטום האָט אַרײַנגעלייגט אין דעם באַגריף פון דער געט־ליכקייט די גאַנצע ענערגיע, וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרמאָגט. דער גאָט פון דעם יידנטום איז אַן ענערגישער גאָט. אין דער טבע פון דער ענערגיע אָבער ליגט אַלץ, וואָס איז אַזוי אָפּגעפרעגט ביי די גנאָס־טיקער — אַרויסשטראַלונג, פונאַנדערוויקלונג, פאַרשפּרייטונג און אַנדערע תכונות, וואָס זיינען קרוב דערצו. דער גאָט פון דער גנאָזיס איז להיפּך לחלוטין פּאַסיוו. אַז מען זאָל וועלן געטריי בלייַבן דעם יסוד־געדאַנק פון דער גנאָזיס, וועט מען מוזן זאָגן, אַז די גנאָסטישע געטליכקייט קאָן פון זיך אַליין קיינמאָל נישט אַרויס. אויב היינע האָט געזאָגט פון שפּינאָזען, אַז שפּינאָזע האָט פאַרשפּאַרט די געטליכקייט אין דער וועלט ווי אין א געפענקעניש, איז דאָס דאָזיגע געפענקעניש געווען לכל

הפחות די וועלט אין איר גאַנצער אומענדליכקייט. די גנאָסטיקער אָבער האָבן די געטליכקייט פאַרשפּאַרט אין איר אייגענער דירה. זיי האָבן אויף איר גוזר געווען הויז־אַרעסט. מיר וועלן א ביסל ווייטער זעהן, אַז די דאָזיגע השגה פון גאָט, וועלכע איז געבוירן געוואָרן ביי די גנאָסטיקער אונטער דער השפעה פון פילאָנ׳ען און די ניי־פלאַטאָניקער, געפינט זיך נישט בהסכם מיט זייערע אָנשויאונגען וועגן דעם פּראָצעס פון לעבן.

עס זיינען פאַראַן לויט דער גנאָזיס צווייערליי געזעצליכקייטן, די געטליכע געזעצליכקייט און די געזעצליכקייט פון אונזער וועלט, אין וועלכער גוט און בייז ראַנגלען זיך מיטאַנאַנד וועגן דער איבערהאַרשאַפט. און מחמת די דאָזיגע וועלט איז נישט פולקום, מוז אויך די געזעצליכ־קייט, וואָס געוועלטיגט אין איר, בלייבן נישט פולקום. קלאָר זאָגן עס די גנאָסטיקער נישט אַרויס, אָבער דאָס איז דער לאָגישער פועל־יוצא פון זייער גאַנצער חקירה. און פון דאַנען איז געדרונגען, אַז די גנאָזיס שטויסט אָפּ פון זיך דעם גאַנצן לעבן אויף אונזער וועלט, מחמת אַפילו דאָס ליכט גופא, וואָס קעמפט מיט דער פינסטערניש, איז שוין נישט ווילנדיג טמא געוואָרן דורך דער באַרירונג מיט דעם חושך.

לויט דעם געניאַלן וואַלענטין איז די גאַנצע בריאה, די גאַנצע באַ־שאַפענע וועלט איין איינציגע שרעקליכע דראַמע, וועלכע שטעלט פאָר דעם טראַגישן גורל פון סאָפיען, דעם אַראָפּגעפאַלענעם ליכטשטראַל: די מענטשליכע נשמה — דאָס איז סאָפיעס שטומע בענקשאַפט נאָך איר אַמאָ־ליגן שורש, דעם קוואַל פון דעם ליכט. די וועלט פון די אַנדערע לעבע־דיגע באַשעפענישן, די וועלט פון די חיות און אויך פון די פאַרשיידענע צמחים און געוויקסן — דאָס איז איר פאַרפלאָנטערט־ווערן אין דער פינסטער־ניש. די וועלט פון דער אומבאַלעבטער מאַטעריע — דאָס איז איר יאוש, איר גרויל און איר שרעק פאַר א אייביגער פאַרפאַלעניש אין דעם תהום פונם כאַאָס. דער גייסטיגער מענטש אָבער, דער איש הרוח, דער אַזוי אָנגערופענער פנעימאַטיקאָ, מאַכט גרינגער איר שווער געמיט און וואַרפט א שטראַל פון ליכט אויף איר וויסטן מזל, וואָרום דורך אים ווערט זי דער־הויבן צו אַן אָרט, וואָס געפינט זיך שוין צווישן דער פינסטערער וועלט און דער ליכטיגער געטליכקייט.

דאָ מוזן מיר זיך נאָך אַמאָל דערמאָנען אין בערגסאָנען. רעדט נישט בערגסאָן אין זײַן «שעפּערישער עוואָלוציע» דערפֿון, אַז די וועלט פֿון די חיות און די געוויקסן איז פֿאַר׳מפּשט אַרומצופּלאָנטערן זיך אַלץ אויף איין אָרט? און זאָגט ער נישט פֿון דער מאַטעריע, אַז זי חוזר׳ט זיך תּמיד איבער, אָהן קיין שום האָפֿענונג אויף אַן אַרויסגאַנג? און איז נישט פֿאַר אים די גאַנצע וועלט א קאַמפּפּלאַץ, אין וועלכן גײַסט און מאַטעריע קעמפֿן מיט־אַנאַנד וועגן דער איבערהאַרשאַפֿט?

און איצט גייען מיר צו צו דער לעצטער שאלה. ווי אַזוי שטעלט זיך אייגנטליך די גנאָזיס פֿאָר דעם קאַמף קעגן דעם בייז אין דער וועלט און וועלכע מיטל ווײל זי דערצו באַנוצן? דאָ מוזן מיר זאָגן, אַז די תּשובה, וואָס די גנאָזיס גיט דערויף, קאָן בשום אופֿן נישט צופֿרידנשטעלן.

די גנאָזיס שלאָגט פֿאָר דאָס אַלטע מיטל — די נזירות (אַסקעזע). זי שלאָגט פֿאָר אויסצעוואָרצלען די תּאוות און די באַגערן און אויסצוטון זיך פֿון דער וועלט. אַזאַ מין ענטפֿער איז לחלוטין נישט צוגעפּאַסט צו דעם גאַנצן עיקר פֿון די גנאָסטישע פּראָבלעמען און די גנאָסטישע אָנ־שויאונגען. פֿאַר דעם יחיד, וואָס וויל זיך ראַטעווען פֿון דער וועלט און פֿון דעם לעבן, איז נזירות טאַקע א גאַנג, עס איז אפשר פֿאַר אים די בעסטע עצה און די בעסטע תּחבולה. אָפּטייטנדיג אין זיך די באַגערן און די פֿאַרלאַנגען, ווערט ער ממילא פּטור פֿון אלע צרות, קאָפּדרייעניש און האַרצווייטאָגן און דערגרייכט א געוויסע האַרמאָניע און א געוויסע צופֿרידנקײַט. נזירות איז א מיטל צו אַנטלויפֿן און צו ראַטעווען זיך פֿון דעם בייז, אָבער בשום אופֿן נישט גובר צו זײַן דעם בייז. אויב דער נזיר פֿירט א קאַמף, איז דאָס א קאַמף קעגן זיך אַליין, קעגן זיינע אייגענע תּאוות, באַגערן, פֿאַרלאַנגען און געפֿילן, אָבער בשום אופֿן נישט קיין קאַמף קעגן דעם בייז.

אָבער גראָד דאָס וויל דאָך די גנאָזיס. די גנאָזיס וויל דעם קאַמף קעגן דעם בייז און דעם נצחון איבער אים. און אַז מען טייט אין זיך די פֿאַר־לאַנגען בכלל, טייט מען שוין ממילא אָפּ אויך דעם פֿאַרלאַנג פֿון קאַמף, און ער ווערט אוממיגליך.

אין ד׳ערייך שפּיגלט זיך אָפּ די פּאָזיציע פֿון דער גנאָזיס צווישן יידנטום און גריכנטום. דער אָנהייב פֿון דער גנאָזיס שטאַמט פֿונם יידנטום, און

דעפון נעמט זיך ביי איר די גאַנצע פּראָבלעם מכוח דעם קאַמף קעגן דעם בייז׳ פאַרענדיגט אָבער האָט זיך די גנאָזיס מיט דער השפּעה פון דעם גריכנטום, און דערפון נעמט זיך ביי איר דער אינדיווידואַליסטיש־עידע־מאָניסטישער מאָמענט.

אָנגעהויבן האָבן מיר אונזערע באַטראַכטונגען מיט דער רעליגיע פון פּשוט׳ך מענטשן. די דאָזיגע רעליגיע, האָבן מיר געזאָגט, איז די אמונה אין דעריין, אַז עס איז דאָ ערגעצוואו אין דער וועלט אַזאַ מין כוח, וואָס קאָן מאַכן, אַז דער בלויזער רצון אָהן דער הילף פון דער מאַטעריע זאָל באַקומען א ממשות׳דיגע, מאַטעריעלע מאַכט. אין תוך גערעדט איז דאָס אַן אמונה אין נסים. אָבער די דאָזיגע אמונה פאַרמאָגט א געזונטן קערנדל. אין וואָס באַשטייט ער? ער באַשטייט אין דער שטרעבונג, אַז געדאַנקען, אידעען זאָלן נישט בלייבן קיין אידעאַלן אין דער לופטן, נאָר זאָלן באַקומען די קראַפט פון מאַטעריעלער ממשות׳דיגקייט. אַזאַ מין שטרעבונג פעלט ביי דער גנאָזיס אין איר פּראַקטישער עטיק. אויף וויפיל די גנאָזיס איז אַריבערגעוואַקסן איבער דעם יידנטום אין דעם פּרט פון טעאָריע, אויף אַזוי פיל איז זי הינטערשטעליג געבליבן הינטער אים אין דעם פּרט פון פּראַקטיק.